# לייענביכער פאר דער אידישער שול

## דאָס צווייטע לייענבוך

צוזאַמענגעשטעלט פון

י. שטיינבוים

אילוסטרירט פון

ב. אַרנסאָן, א. גודלמאַן, ז. מאוד, י. קאַטלער און מ. סאָיער.

צווייטע פארבעסערטע אויפלאַגע

פאַרלאַג „ערציאונג", ניו יאָרק, 1926

הויפּטפאַרקויף ביים פאַרלאַג פון

מאַקס נ. מייזל

424 גרענד סטריט

ניו יאָרק

# לייענביכער פאַר דער אידישער שול

## דאָס צווייטע לייענבוך

## אינהאַלט:

עטלאַכע באַמערקונגען

## עטלעכע באַמערקונגען

1) דאָס איצטיקע לייענבוך פון דער סעריע „לייענביכער פאַר דער אידישער שול" איז באַשטימט פאַר דעם צווייטן האַלביאָר פון ערשטן קלאַס אין אַן אָנפאַנג שול. הגם, דאָס איצטיקע לייענבוך איז בנוגע די מערסטע פּרטים אַ פאָרזעצונג פון דעם ערשטן לייענבוך פון דער סעריע, קען עס דאָך דינען, ווי אַ פּאַסיקע כרעסטאָמאַטיע אפילו פאַר יענע קינדער, וואָס האָבן זיך באַנוצט מיט אַנדערע אָנפאַנגער־טעקסטן.

2) אַכט־ניין יאָריקע קינדער דאַרפן שוין קענען זעלבשטענדיק איבערלייענען לייכטע מעשה'לאַך. כדי דאָס צו דערגרייכן איז נייטיק סוף דעם ערשטן יאָר צוגעוואוינען די קינדער צו דעם זעלבשטענדיקן (שטילן) לייענען. די קירצערע מעשה'לאַך פון דעם לייענבוך קענען אויסגענוצט ווערען פאַר דעם צוועק. בנוגע דעם, ווי אָנצופירן די אַרבעט מיט די קינדער אין דעם זעלבסטשטענדיקן לייענען, שיקט דער צוזאַמענשטעלער אָפּ די לערער צו זיין „האַנטבוך" צו דער סעריע.

3) דער סדר פון די מאַטעריאַלן, וואָס ווערט דורכגעפירט אין דעם לייענבוך איז פון דעם אויגנשיינלאַך לייכטן אינהאַלט און פאָרם צו דעם קאָמפּליצירטן סוזשעט. עס וואָלטן נאַטירלאַך געקענט געמאַכט ווערן אַנדערע קלאַסיפיקאַציעס פון די מאַטעריאַלן, ווי אַ שטייגער: „קינדערלעבן", „לעבן פון חיות", „פאַנטאַסטישע מעשות", „הומאָריסטישע מעשות", א. אַז. וו. אָבער דער צוזאַמענשטעלער זעט ניט איין דעם ערציערישן ווערט פון

אַזאַ קלאַסיפיקאַציע פון מאַטעריאַלן פאַר יונגע קינדער. די אויפ־
גאַבע פון אַ לייענבוך פאַר אָנפאַנגער איז: געבן די קינדער אינ־
טערעסאַנטע מעשׂות און לידער פון וועלכע זיי זאָלן הנאה האָבן.
דאָס איבעריקע וועט שוין קומען במילא.

אפילו דער סדר פון לייכטן צו דעם שווערערן איז אין דעם
לייענבוך מסתמא ניט אויסגעהאַלטן, אויפ דעם פּשוט'ן טעם, וואָס
ס'איז שווער אַזוינס צו באַשטימען פאַר אַזוי פיל פאַרשידענע קינ־
דער, לערער, א. אַ.

4) ביים צוזאַמענשטעלן דאָס איצטיקע לייענבוך האָט זיך
דער צוזאַמענשטעלער באַנוצט מיט די מערסטע פאַראַנענע טעקסט־
ביכער און באַזונדערס מיט די פאָלגנדע זשורנאַלן: „קינדער זשור־
נאַל", „קינדערלאַנד" און „פריינד".

אין די ביכער פון וואַנען עטלאַכע מעשׂה'לאַך זיינען גע־
נומען געוואָרן, זיינען, לידער, ניט אָנגעגעבן געוואָרן די נעמען
פון די שרייבער, איבערדערציילער, אָדער איבערזעצער, און ס'פאַר־
דריסט דעם צוזאַמענשטעלער, וואָס ער האָט ניט געקענט פאַרבע־
סערן דעם חסרון.

ניו יאָרק, יולי, 1924.

## באַמערקונג צו דער צווייטער אויפלאַגע

אין דער איצטיקער אויפלאַגע זיינען אויסגעבעסערט געוואָרן
אַלע טעכנישע פעלערן און ס'זיינען אויך געמאַכט געוואָרן געוויסע
ענדערונגען בנוגע דעם אינהאַלט און אילוסטראַציעס.

ניו יאָרק, מערץ, 1926.

# זיך איבערגעבעטן

י אָ ס ע ל ע :

קום, רחלע, זיך שפּילן;
נו, גיכער, ניט געקלערט!
איך וועל זיין דער טרייבער
און דו וועסט זיין דאָס פערד.

ר ח ל ע :

איך דיין פערד זאָל ווערן —
וועט קיינמאָל ניט געשען.
דו רעד אַזוי — אַנטלויף איך
און לאָז דיך דאָ אַליין.

י אָ ס ע ל ע :

איך האָב פאַר דעם ניט מורא,
מעגסט לויפן ווי געשווינט.
ווען ס'קומט צום לויפן — בין איך
נאָך שנעלער ווי דער ווינט.

ר ח ל ע :

נאָך איידער דו נעמסט לויפן —
פליוך! — איך בין אין טייך.
איך ווער מיר דאָרט אַ פישל
מיט אַלע פיש צוגלייך.

י אָ ס ע ל ע:

דו מעגסט אַ פישל ווערן,
זאָל זיין דער טייך, ווי גרויס:
איך ווער אויף גיך א פישער
און נעם דיך גלייך אַרויס.

ר ח ל ע:

עס וועט דיר ניט געלינגען,
פאַרלאָז זיך שוין אויף מיר:
איך ווער מיר באַלד אַ וואַסער
און פלים אַוועק פון דיר.

י אָ ס ע ל ע:

דו מעגסט אַ וואַסער ווערן,
אַ וואַסער טיף און גרויס:
איך ווער מיר באַלד אַ שיפל
און וויג זיך אויף דיין שויס.

ר ח ל ע:

איך ווער אַ רויז געבוירן
מיט דערנער לעבן זיך,
און ווען דו מיך באַרירן
צעשטעכן וועל איך דיך!

י אָ ס ע ל ע:

געבענטשט זאָל זיין די רגע
ווען דו וועסט זיין אַ רויז!
איך וועל אַ בין געבוירן
און זויג דיין האָניק אויס.

ר ח ל ע:

איך זע דו ביסט אַ גוטער,
נו, גיכער, ניט געקלערט:
דו וועסט זיין דער טרייבער
און איך וועל זיין דאָס פערד.



# יאָקעלע און יעקעלע



אָקעלע און יעקעלע האָבן זיך זייער ליב! האַנט בײַ האַנט גייען זיי אַלע פֿרי־מאָרגן אין שול. אויף איין באַנק, איינער לעבן אַנדערן זיצן זיי אין שול, און בײַ די הענטעלאַך פֿירן זיי זיך פֿון דער שול אַהיים.

איינמאָל פֿרעגט דער לערער: יאָקעלע! וויפֿיל איז דריי מאָל דריי?

טראַכט יאָקעלע.

— אַכט! — זאָגט אים שטיל אונטער יעקעלע.

— אַכט! — שרייט יאָקעלע אויס, — דריי מאָל דריי איז אַכט!

— קורץ געטראַכט און גוט געמאַכט, — זאָגט דער לערער, — זיץ!

איז יאָקעל ברוגז געוואָרן אויף יעקעלען: אַז מע ווייס אַליין ניט, זאָגט מען ניט אונטער.

ווי אַזוי־זשע איז מען ברוגז?

ווי פֿריער פֿירט מען זיך בײַ די הענטעלאַך פֿון דער היים אין שול און פֿון דער שול אַהיים. נאָר ברוגז: מע רעדט ניט.

איינמאָל זיצן זיי ביידע און מע ברוגזט זיך — מע שווייגט.

טוט יאָקעלע אַ געניץ. כאַפּט יעקעלע אַ צוקערקעלע און וואַרפט עס אַריין יאָקעלען אין מויל. צעלאַכט זיך יאָקעלע.

חבר? — פרעגט יעקעלע.

חבר! — ענטפערט יאָקעלע. קייטלט מען צונויף די קלענסטע פינגערלאַך און מע זאָגט:

ריגעלע, ריגעלע, רויגעז,
זיינען מיר געווען ברוגז;
ריגעלע, ריגעלע, ריק —
זיינען מיר חבר צוריק.



# לויפט אַ הינטל

לויפט אין גאַס אַ קליינער הינטל
מיטן עקל דרייט;
לויפט נאָך אים אַ קליינער אינגל
האַלט אַ שטיקל ברויט.

יאָגט דאָס אינגל און דעם הינטל
טוט אַ צופּ דעם עק;
שרייט דאָס הינטל: האַ־או, האַ־או!
כאַפּט דאָס ברויט אַוועק!

לויפט דאָס אינגל צו זיין מאַמען
וויינענדיק אוועק;
און דאָס הינטל לויפט זיך ווייטער,
דרייענדיק דעם עק.



# בעסער געוואָרן



אַנקעלע איז געווען אַ גרויסער שטיפער און אַ כעסן. איינמאָל האָט ער געכאַפּט זיין חבר'ס אַ ביכל, האָט עס צעריסן און עס אַרויסגעשמיסן דורכן פענסטער. איז דאָס אינגל אוועקגעלאָפן צו יאַנקעלס פאָטער און דאָס אים דערציילט:

זאָגט דער פאָטער צו יאַנקעלען: „פון היינט אָן און ווייטער וועל איך טאָן אַזוי: פאַר יעדער שלעכטער זאַך, וואָס דו וועסט טאָן, וועל איך אַריינשלאָגן אַ טשוואָק אין דער וואַנט, פאַר דיין בעטל און פאַר יעדער גוטער זאַך, וואָס דו וועסט טאָן, וועל איך אַרויסציִען אַ טשוואָק.

טאָג נאָך טאָג האָט יאַנקעלעס פאָטער אַריינ־געשלאָגן טשוועקעס אין וואַנט און בלויז איינמאָל אין וואָך פלעגט ער אַרויסציִען איינעם.

ווען יאַנקעלע האָט זיך אַרומגעקוקט און דער־זען, ווי די וואַנט פאַר זיין בעטל איז פול מיט טשוועקעס, האָט ער זיך שטאַרק פאַרשעמט. ער האָט גלייך באַשלאָסן, אַז אין עטלאַכע טעג אַרום זאָל מער ניט זיין קיין איין טשוואָק אין וואַנט.

און אַזוי איז טאַקע געווען.

# שעפּסעלאַך

עס פליען ווייסע וואָלקן
הויך איבער אונזער געצעלט,
זיי זעען אויס אין הימל
ווי שעפּסעלאַך אין פעלד.

דער ווינט איז זייער פּאַסטוך,
ער טרייבט זיי, וואו ער וויל;
זיי בלאָנדזשען אָפּט אין הימל
ווען ס'רוט דער ווינט וואו שטיל.

און ווען זיי ווערן דאָרשטיק,
זיי לאָזן זיך אַראָפּ
שטיל צו אַ טייך אַ גרויסן,
און טרינקען איבערן קאָפּ.

דאַן שלעפּן זיי זיך לאַנגזאַם
אַוועק אי פול, אי פויל.
און רעגנט דאָ — דאָס גייט זיי
שוין דאָס וואַסער איבערן מויל.

# איז ווייט אַמעריקע?



ינדערפרי עפנט חיימ׳ל די אויגן, זעט ער, ווי גאָלדענע שטראַלעכלאַך גליטשן זיך איבערן דיל. עס איז אַ מחיה אַראָפּצוכאַפּן זיך פון בעטל און אַריינשפּרינגען מיט די באָרוועסע פיסלאַך אין די וואַרעמע שטראַלן. אָבער ס׳איז אויך זייער גוט אַריינצוכאַפּן זיך צום טאַטן אין בעט אַריין, וואו מ׳קאָן הערן אַ שיין מעשהלע.

טוט חיימ׳ל ביידע זאַכן: ער שפּרינגט אַריין אין די שטראַלן און לויפט צום טאַטן אין בעט אַריין. אָבער דאָס מאָל געפינט ער ניט דעם טאַטן.

— וואו איז דער טאַטע? — פרעגט ער זיין מאַמען.

— אַוועקגעפאָרן... — ענטפערט די מאַמע פלוצלונג און ווערט טרויעריק, — נעכטן אַוועקגעפאָרן.

— וואוהין?

— קיין אַמעריקע.

— קיין אַמעריקע?

חיימ׳ל שווייגט. אָבער טיף אין האַרצן איז ער שטאַרק מקנא דעם טאַטן. אים דאַכט זיך, אַז אַמע־

ריקע ליגט הינטערן וואַלד פון שטעטל און גאָל־
דענע פייגל פליען דאָרט אַרום און עסן קאָן מען
דאָרט גרויסע שאָקאָלאַדקעס און צוקערלאַך, ווייס
ווי שניי.

לויפט אַוועק אַ וואָך נאָך אַ וואָך, באַקומט די
מאַמע אַ בריוול, אַ צווייטס; פאַרשטייט שוין
חיימ׳ל, אַז אַמעריקע מוז זיין ערגעץ זייער ווייט,
אפשר אין עק וועלט. פאַרטראַכט ער זיך שטאַרק
און הייבט אָן בענקען נאָכן טאַטן. איצטער איז
ער אים שוין נישט מקנא.

און אַלע טאָג, אז ער קומט פון דער שול, רופט
ער זיך אָן צו דער מאַמען:

— מאַמע, אַמעריקע איז זייער ווייט, האַ?
זייער ווייט?...

און עס פאַרקלעמט אים דאָס הערצל.



# אין וואַלד

שטייט אין וואַלד אַ שטיבעלע,
פארשלאָסן מיט אַ בייגעלע;
דאָרטן ליגט א ציגעלע
און דרימלט אויף אַן אייגעלע.

קומט צו גיין אַ מיידעלע,
און ברענגט מיט זיך אַ קריגעלע;
שליסט זי אָפּ דאָס שטיבעלע,
און מעלקט אויס דאָס ציגעלע.

גייט אַוועק דאָס מיידעלע —
קומט אָן אַ גאָלדן פייגעלע,
און פארשליסט דאָס שטיבעלע
ווידער מיטן בייגעלע.



# דער בער און דער יעגער




ס איז געווען אַמאָל אַ יעגער, וואָס האָט ליב געהאַט צו כאַפּן בערן. ער פּלעגט אויסגראָבן גריבער, צודעקן זיי מיט דינע צווייגעלאַך, און אויף די צווייגן פּלעגט ער אָנשיטן ערד. און אַז די בערן פּלעגן דורכגיין, פּלעגן זיי אַריינפאַלן אין די גריבער.

איינמאָל איז דער יעגער אַליין אַריינגעפאַלן אין אַזאַ גרוב, און האָט פון דאָרטן נישט געקענט אַרויסגיין.

עס איז אַריבער אַ ווײלע און אַ שרעק האָט אים אַרומגענומען : אַ בער איז אַריינגעפאַלן אין דעם זעלביקן גרוב.

פון אָנהייב האָט דער יעגער גערעכנט צו דערשיסן דעם בער, נאָר ווי ער האָט גענומען אָנשטעלן די ביקס, האָט דער בער אָנגעשטעלט אויף אים די אויגן און גענומען ברומען, און דעם יעגער האָבן זיך די הענט אַראָפּגעלאָזן.

דאַמאָלסט האָט דער בער זיך געשטעלט אויף די הינטערשטע לאַפּעס, און מיט די פאָדערשטע האָט ער זיך אָנגעשפּאַרט אָן וואַנט. אַזוי האָט ער געטאָן עטלאַכע מאָל און געקוקט אויפ׳ן יעגער, ווי איינער זאָגט : שטעל זיך אויף מיר, און קריך אַרויס פון דאַנען.

צוערשט האָט דער יעגער מורא געהאַט, נאָר נאָכ־

דעם האָט ער זיך געשטעלט דעם בער אויפ'ן רוקן און איז אַרויס פון גרוב.

דער יעגער איז געשווינד אַוועק אין דאָרף, געבראַכט אַ לייטער און אַראָפּגעלאָזן אים אין גרוב און איז אַנטלאָפן.

אויף מאָרגן איז דער יעגער געקומען צום גרוב, איז עס שוין געווען ליידיק: דער בער איז אויך אַרויס.



# אַ מענטשעלע

אַ מענטשעלע — אַ קעסטעלע,
אין קעסטעלע — צוויי שייבעלאַך.
קוקן פון די שייבעלאַך
קעצעלאַך און טייבעלאַך.

פילט זיך גוט דאָס קעסטעלע,
גלאַנצן אויף די שייבעלאַך;
טאַנצן אין די שייבעלאַך
קעצעלאך און טייבעלאַך.

פילט ניט גוט דאָס קעסטעלע,
ווערן גרוי די שייבעלאַך;
אומעטיקע קעצעלאַך;
אומעטיקע טייבעלאַך.

קומט אַ צייט צום קעסטעלע
און פאַרשרויפט די שרייפעלאך;
שלאָפן איין די קעצעלאַך,
שלאָפן איין די טייבעלאַך.

# און וואו בין איך?

א.



נשה האָט געהאַט אַ קורצן זכרון. איינדערפרי, נאָכן אויפשטיין, האָט ער אָנגעהויבן זוכן זיינע קליידער. ער האָט ניט געדענקט, וואו ער האָט זיי נעכטן אַוועקגעלייגט. האָט זיי אים די מאַמע געפונען.

נאָכדעם, ווי ער האָט זיך אָנגעטאָן, האָט ער אָנגעהויבן זוכן זיינע ביכער און העפטן. ער האָט געזוכט און געזוכט און ניט געפונען.

„אוי וויי!“ — האָט מנשה געוויינט און געשריען, — „ווער האָט גענומען מיינע ביכער? ווער האָט גענומען מיינע העפטן?“

„קורצער זכרון!“ — האָט אים זיין שוועסטער געזאָגט, — „דו האָסט זיי דאָך אַליין אויפן פענסטער אַוועקגעלייגט.

זוכנדיק און וויינענדיק האָט מנשה דערווייל פאַרשפּעטיקט אין שול, און דער לערער האָט זיך אויף אים דערפאַר אָנגעבייזערט.

און אַזוי פלעגט מנשה זייער אָפט פאַרשפּעטיקן אין שול.

ב.

איינמאָל האָט זיך מנשה דערטראַכט, וואָס צו טאָן, ער זאָל ניט פאַרשפּעטיקן: ער האָט גענומען אַ שטיקל פּאַפּיר און פאַרשריבן: מיינע קליידער זיינען אויפן שטול; די שיך — אונטערן שטול. די העפטן — אין בוך. די ביכער — אין רענצל; דאָס רענצל — אויפן טיש; דער טיש — אין קאַבינעט, און איך בין אין בעט. און דאָס צעטל האָט ער אונטערגעלייגט אונטערן קישן.

ווען ער האָט זיך אויף מאָרגן אויפגעכאַפּט, איז ער פלינק אַראָפּגעשפּרונגען פון בעטל, האָט אַרויסגענומען דאָס צעטל און גענומען קוקן צי אַלץ איז אויפן אָרט: די קליידער אויפן שטול — פאַראַן; דאָס רענצל אויפן טיש — פאַראַן; די ביכער אין רענצל — פאַראַן; די העפטן אין בוך — פאַראַן; די שיך אונטערן שטול — פאַראַן. דער טיש אין קאַבינעט — פאַראַן, און איך בין אין בעט?

מנשה האָט אויפגעהויבן די קאָלדרע, געטאַפּט, געזוכט און האָט דאָרט קיינעם ניט געפונען. ער איז געשטאַנען פאַרוואונדערט און האָט געפרעגט: „און וואו בין איך?"

# איך בוי פון לײם אַ מויער

איך בוי פון לײם אַ מויער,
דריי גרויסע גאָרן הויך;
אין יעדן שטאָק אַן אויוון,
אַ קוימען פאַרן רויך.

איך מאַך אַ טיש און בענקלאַך
פון ברעטלאַך און פון לײם;
אַן אַלמער פול מיט ספרים,
אַזוי ווי אין דער היים.

עס בייזערט זיך דער טאַטע,
ווען כ'רוף אים זען מײַן הויז;
ער שרייט דאַן צו דער מאַמען:
איך וואַקס אַ דאַרפּסיונג אויס.

מײַן גרויסער ברודער שמייכלט,
און רעדט דעם טאַטן איין,
ער זאָגט: איך וועל אַמאָל נאָך
אַ גרויסער קינסטלער זײַן.

# די פּרינצעסין אויפֿן אַרבעסל



מאָל איז געווען אַ פּרינץ. האָט זיך אים פֿאַרוואָלט אַ פּרינצעסין נעמען, אָבער אַן אמתע פּרינצעסין. איז ער גאָר די וועלט אויסגעפֿאָרן און אַזעלכע נישט געפֿונען. פּרינצעסינס זיינען געווען אַ סך, אָבער די אמתע? דאָס האָט ער נישט געקאָנט דערגיין. האָט ער זיך מיט גאָרנישט אַהיים אומגעקערט און דערפֿון גרויסע יסורים געהאַט: ס'האָט זיך אים זייער־זייער געוואָלט אַן אמתע פּרינצעסין האָבן.

איינמאָל אַן אויפֿדערנאַכט, איז אַ שרעקלאַכער אינ־דרויסן געווען: ס'האָבן בליצן געבליצט, ס'האָט דער דונער געדונערט און אַ רעגן האָט געגאָסן — אַ מבול, אַ שרעק. פּלוצים האָט עמיצער אין די שטאָט־טויערן אָנגעקלאַפּט און דער אַלטער מלך איז אַליין עפֿענען געגאַנגען.

ביים טויער איז אַ פּרינצעסין געשטאַנען. גאָט, מיין גאָט! ווי זי האָט אויסגעזען, די פּרינצעסין. דאָס וואַסער איז איר פֿון די האָר און קליידער גלייך אין די שיך און זאָקן גערונען און פֿון דאָרט דורך די פּיאַטעס אַרויסגערונען. און דאָך — האָט זי זיך ביי אירם געהאַלטן: אַן אמת'ע פּרינ־צעסין איז זי.

— מיר וועלן געוואָר ווערן, — האָט די אַלטע מלכה אַ טראַכט געטאָן, נאָר גאָרנישט ניט געזאָגט. און זי איז אין שלאָפֿצימער אַריינגעגאַנגען, האָט פֿון דעם בעט אַלע מאַט־

ראַצן און קישנס אַראָפּגענומען און אויף די ברעטלאַך אַן אַרבעסל אַנידערגעלייגט; אויפן אַרבעסל האָט זי צוואַנציק מאַטראַצן אויסגעשפּרייט און אויף די מאַטראַצן צוואַנציק איבערבעטן געבעט, און אויף אָט דעם בעט האָט מען די פּרינצעסין אויף נאַכטלעגער באַלייגט.

אינדערפרי האָט מען ביי איר אַ פרעג געטאָן: ווי איז זיך דיר געשלאָפן?

— זייער שלעכט, — האָט די פּרינצעסין געזאָגט, — כ'האָב כמעט קיין אויג נישט צוגעמאַכט, דער גוטער יאָר ווייס, וואָס פאַר אַ געלעגער ס'איז ביי מיר געווען, עפּעס בין איך אויף אַזאַ הארטס געלעגן, אַז דאָס גאַנצע לייב איז מיר ברוין און בלאָ געוואָרן.

גלייך האָט מען דערזען, אַז דאָס איז טאַקע אַן אמתע פּרינצעסין געווען: זי האָט אַ קליין אַרבעסל דורך צוואַנציק מאַטראַצן און צוואַנציק איבערבעטן דערפילט, אַזאַ איידל לייב קאָן זיין נאָר ביי אַן אמת'ער פּרינצעסין.

און דער פּרינץ האָט פאַר איר חתונה געהאַט.

און דאָס אַרבעסל האָט מען אין אַ קונסט-קאַמער אַוועקגעלייגט און נאָך ביז היינט ליגט עס דאָרטן, אויב מ'האָט עס נאָר נישט צוגענומען.

# איצט איז שפּעטער

„זע, ווי צעפּלאַמט דו ביסט !
וואָס איז מיט דיר געשען ?"
„גאָר נישט, מאַמע, איך בין איצט
ביי מאָטעלען געווען.

— מיך דאָרט גאָרנישט געטאָן
געשפּילט אין פערדלאַך בלויז ;
נעמט זיין מאַמע און זי טרייבט
מיך גאָר אַרויס פון הויז !"

„זאָלסט מיין קינד ניט גיין אַהין,
זי איז געווען גערעכט :
האָסט געטומלט און געשטיפט,
געוועזן ווילד און שלעכט."

„אָבער איצטער וועל איך זיין שטיל,
איך וויל דאָרט ווידער גיין ;
ס'איז מיר אומעטיק, איך קען
ניט שפּילן זיך אַליין."

„רו זיך אויס, וועסט שפּעטער גיין,
דו ביסט אַזוי דערהיצט."
„כ'וויל  ש ו י ן  גיין צו מאָטעלען,
עס איז שוין  ש פּ ע ט ע ר  איצט . . ."

# בנימין וואָלף.



מעשה איז געשען מיט אַ סך יאָרן צו־ריק. עס איז געווען זייער אַ קאַלטער ווינטער. די וואַסערן אין די ברונעמס זענען געפרוירן געוואָרן. די פייגע־לאַך זיינען אויסגעפרוירן געוואָרן אין די פעלדער. און הונגעריקע וועלף פלעגן אָנפאַלן אויף די דערפער.

ביים עק דאָרף איז געשטאַנען אַן אָרעם שטיבל. אין שטיבל האָט געוואוינט אַ סטאָליער מיט זיין ווייב און צוויי קינדער. דער עלטסטער, בנימין, צען יאָר אַלט, און אַ מיי־דעלע, לאה'לע, וואָס איז נאָך קיין יאָר נישט אַלט געווען.

איינמאָל זענען די עלטערן אַוועקגעגאַנגען אין וואַלד ברענגען האָלץ און אין שטוב איז געבליבן בנימין מיט זיין שוועסטערל לאה'לע. בנימין האָט פאַרוויגט לאה'לען און איר געזונגען אַ לידל.

פלוצלונג האָט זיך אויפגעפּראַלט די טיר. אין שטוב האָט זיך אַריינגעריסן אַ יונגער וואָלף און גענומען גיין גלייך צום וויגל, וואו די קליינע לאה איז געלעגן. בנימין האָט דערזען די געפאַר, איז ער אַרויפגעפאַלן אויפ'ן וואָלף, און ווי דער וואָלף האָט געעפנט דאָס מויל, האָט בנימין אַריינ־געשטעקט די פויסט דעם וואָלף אין מויל אַריין.

דער וואָלף האָט זיך גענומען ווערגן, און האָט שוין

געוואָלט זיך אויסרייסן און אַנטלויפן, נאָר בנימין האָט אַלע מאָל ווייטער געדרוקט אים אין מויל אַריין די פויסט. דער וואָלף האָט נישט געקענט אָפּאָטעמען, און איז דערשטיקט געוואָרן.

דערשראָקן און פאַרמאַטערט איז בנימין געפאַלן אין חלשות אויף דער ערד. ווען מען האָט אים אויפגעמונטערט און מען האָט זיך דערוואוסט די גאַנצע מעשה האָבן אַלע אים שטאַרק געלויבט פאַר זיין העלדישקייט. און אין גאַנצן דאָרף האָט מען אים פון דאַמאָלסט אָן גערופן: „בנימין־וואָלף".



# מיין ליוסי

סאַי דער טאַטע, סאַי די מאַמע
צו דער אַרבעט שוין אַוועק;
איז געבליבן איך און ליוסי —
איז נאָך ליוסי גאָר אַ שנעק.

וואָס איך טו נאָר, שלאָגט זי איבער.
אַרבעט האָב איך דאָך אַ גוואַלד:
נאָך פאַרענדיקן דאָס וועגל
און צו פאָרן נאָך אין וואַלד.

נאָר מיין ליוסי שטערט די אַרבעט,
רייסט פון הענט מיר דאָס געצייג;
בין איך טאַקע, ווי געפּענטעט,
ווי אַ פויגל אין אַ שטייג.

„ליוסי, ליוסי, נאַ אַ גלעקל!
נאַ אַ קעסטעלע מיט קנעפּ!
קוק, עס וויינט דיין שיינע ליאַלקע,
זי איז געפאַלן אויף די טרעפּ.“

שפּילט זיך ליוסי, שפּילט אַ ביסל,
איך פאַרענדיק דאַן מיין שפּאַן,
שוין דאָס פערד געצוימט אין וועגל,
און דאָס בייטשל אויך פאַראַן.

„איצטער, ליוסי, קום זיך זעצן,
קריך אין וועגל אָט-אָ-דאָ!
וויאָ! אין שטאָט צו טאַטע-מאַמע!
היידאַ, היידאַ, וויאָ!“



# האָז און שטעכלער




ויפט האָז איבערן וואַלד און באַגעגנט אַ שטעכלער. אַ שטעכלער, ווי אַלע שטעכלער — די שטעכלקעס אויפגעשטעלט, אין אַ קנײלעכל צונויפגעדרייט, קאָפּ און פיס באַהאַלטן — ליגט עס זיך, טו אים עפּעס.

זאָגט דער האָז:

— שטעכלער, שטעכלער, דו געפעלסט מיר. קום לאָמיר זיך אַביסל שפּילן.

דערהערט שטעכלער, אַז ס׳איז אַ האָז, שטעקט ער זיין קאָפּ אַרויס און זאָגט: — גוט.

— נו, לאָמיר זיך שפּילן אין אַריבעריאָגערלאַך. נאָר גיי, קאָנסט דען לויפן, דו מיט דיינע קרומע, אויסגעדרייטע פיס?

ווערט דער שטעכלער אין כעס:

— לאַך, לאַך, און איך זאָג דיר, אַז איך מיט מיינע קרומע פיס וועל גיכער לויפן פון דיר. אָט וועל איך נאָר אויף אַ ווײַלע אַהיימגיין, און נאָכדעם וועלן מיר זען, ווער ס׳קאָן בעסער לויפן.

גייט שטעכלער אַהיים און זאָגט דעם ווייב:

— איך האָב זיך היינט מיטן האָז פאַרוועט ; מיר ווילן זען ווער וועמען ס׳וועט איבעריאָגן.

רופט זיך אָן דאָס ווייב :

— ביסט פון זינען אַראָפּ, צי וואָס ! וואָס הייסט דו און דער האָז ? ער יאָגט ווי אַ ווייכער, און דו מיט דיינע קרומע פיס, ביז דו וועסט אַ פוס שטעלן, וועט ער שוין אָנשפאַרן, ווייס איך וואו.

— עט, — זאָגט דער שטעכלער, — ער איז טאַקע אַ לויפער, אָבער שכל האָב איך. דו, זע, טו נאָר, וואָס איך וועל דיר הייסן. טו זיך אָן און קום אין פעלד אַריין.

און אָט גייען זיי, דער שטעכלער מיט זיין ווייב, און קומען צום האָז אויף אַ געאַקערט פעלד ארויס.

זאָגט דער שטעכלער דעם ווייב :

— דו באַהאַלט זיך דאָ, צווישן אַקער, אויף דער זייט פעלד, און איך מיטן האָז וועלן זיך לאָזן לויפן פון יענער זייט ; ווי נאָר ער וועט זיך צעלויפן, וועל איך זיך אומקערן צוריק ; און ווי נאָר ער וועט צולויפן צו דיין עק, גיי אַרויס און זאָג : „און איך וואַרט שוין אויף דיר." ער וועט דיך ניט דערקענען און וועט מיינען, אַז דאָס בין איך.

דעם שטעכלערס ווייב האָט זיך באַהאַלטן, און דער שטעכלער מיטן האָז האָבן זיך געלאָזט לויפן פון דער אַנדערער זייט פעלד.

ווי נאָר דער האָז איז זיך צעלאָפן, האָט זיך דער שטעכלער אומגעקערט צוריק און זיך באַהאַלטן אין אַקער. דער האָז לויפט מיט אימפעט, לויפט און קומט צולויפן אויף יענער זייט פעלד: זע! — דעם שטעכלערס ווייב זיצט שוין דאָרט. זי דערזעט דעם האָז און זאָגט:

— און איך וואַרט שוין אויף דיר!

דער האָז האָט זי ניט דערקענט, געמיינט, אַז דאָס איז דער שטעכלער, און טראַכט: וואָס איז דאָס? שטעכלער מיט די קרומע פיס און זאָל מיך איבעריאָגן!

— נו, זאָגט ער, — לאָמיר נאָכאַמאָל לויפן.

— גוט!

לאָזט זיך דער האָז ווידער לויפן, קומט צו לויפן: און זע! — דער שטעכלער זיצט און שמייכלט:

— ע, ברודערל, דאָס הייסט ביי דיר געלאָפן? און איך וואַרט שוין אויף דיר פון לאַנג!

— וואָס איז דאָס פאַר אַ מין! — טראַכט זיך דער האָז, — איך בין דאַכט זיך געלאָפן מיטן גאַנצן אימפעט, און ער האָט מיך פאָרט איבערגעיאָגט.

— נו, לאָמיר נאָך איינמאָל לויפן; איצט וועסטו מיך שוין ניט איבעריאָגן.

— לאָמיר לויפן.

דער האָז, אַז ער גיט דאָס אַ לויף, קוים מיטן אויג אָנצוזען. ער קומט צולויפן: זע! — דער שטעכלער זיצט און וואַרט שוין אויף אים.

און דער האָז לויפט און לויפט פון איין עק פעלד ביזן אַנדערן און אַלע מאָל דאָס אייגענע. דער שטעכלער זיצט און וואַרט אויף אים.

האָט זיך דער האָז אונטערגעגעבן און פאַרזאָגט אַ צענטן מער מיט קיין שטעכלערס זיך ניט וועטן און אין קיין איבעריאָגערלאַך ניט שפּילן.



# די געדולדיקע קאַץ



קאַץ האָט אַמאָל געפונען אַ פויגל-נעסט. אָבער דאָרט איז גאָרנישט ניט געווען, ווייל מ'האָט זי נאָר וואָס געהאַט אויפגעבויט.

האָט די קאַץ געזאָגט: „איך וועל וואַרטן!“ און אַזוי ווי זי איז געווען אַ געדולדיקע, האָט זי געוואַרט.

אין אַ וואָך אַרום איז זי אַרויפגעקראָכן אויפ'ן שפּיץ בוים און האָט אַריינגעקוקט אין נעסט אַריין: דאָרטן זיינען געלעגן צוויי שיינע, בלויע אייעלאַך, גלאַטע און גלאַנציקע.

האָט די קאַץ געזאָגט: „אייער זיינען טאַקע גוט, אָבער יונגע פייגעלאַך זיינען נאָך בעסער. איך וועל וואַרטן“. און זי האָט געוואַרט.

דערווייל האָט זי געכאַפּט מייז, געלאָפן און געטאָן אַלצדינג וואָס אַ קאַץ דאַרף טאָן צו פאַרברענגען די צייט.

נאָך אַ וואָך איז פאָריבער. זי איז נאָכאַמאָל אַרויפגעקראָכן אויפ'ן בוים און אַריינגעקוקט אין נעסט. דאָס מאָל זיינען שוין דאָרט געווען פינף אייעלאַך. אָבער די געפלעקטע קאַץ האָט געטראַכט: „אייער זיינען טאַקע גוט, אָבער יונגע פייגעלאַך זיינען נאָך בעסער. איך וועל וואַרטן נאָך אַביסל!“

אין אַ צײַט אַרום איז זי נאָכאַמאָל אַרויף זען, וואָס דאָרטן טוט זיך. אַהאַ! דאָרטן זײַנען געלעגן פינף פּיצינקע פייגעלאַך, מיט גרויסע אייגעלאַך, לאַנגע העלזעלאַך און געלע פּיסקעלאַך. די גע־פלעקטע קאַץ האָט זיך דאַן אַוועקגעזעצט אויפ׳ן צווייג, האָט זיך באַלעקט און געמורקעט — זי איז געווען זייער צופרידן. „עס לוינט זיך צו זײַן גע־דולדיק!“ — האָט זי גערעדט צו זיך.

ווען זי האָט אָבער נאָך אַמאָל אַ קוק געטאָן אויף די יונגע פייגעלאַך און האָט געוואָלט אויס־קלייבן איינס אויף מיטאָג, האָט זי דערזען, אַז זיי זײַנען זייער דאַר. אָ, זייער דאַר זײַנען זיי געווען. די געפלעקטע קאַץ האָט קיינמאָל אין איר לעבן אַזעלכע דאַרע פייגעלאַך ניט געזען.

„אויב איך וועל וואַרטן, — האָט די קאַץ גע־רעדט צו זיך אַליין, — נאָך עטלאַכע טעג, וועלן זיי



ווערן פעטער. דאַרע פייגעלאַך קענען זיך זיין גוט, אָבער פעטע פייגעלאַך זייגען אַ סך בעסער. איך וועל וואַרטן.״

זי האָט געזען, ווי דער פויגל — זייער פאָטער, — ברענגט יעדן טאָג ווערימלאַך אין נעסט אַריין. האָט די קאַץ געזאָגט: „אָהאָ, זיי ווערן איצט פעט! זיי וועלן באַלד זיין פונקט אַזוי, ווי איך וואָלט זיי וועלן האָבן. אַ, ווי גוט ס׳איז צו זיין געדולדיק״.

אין עטלאַכע טעג אַרום האָט זי געזאָגט צו זיך: „נו, איך וועל שוין מער ניט וואַרטן. די פייגע-לאַך מוזן שוין זיין פעט. אַ, ווי געשמאַק זיי וועלן זיין!״

זי איז אַרויפגעקראָכן אויפן בוים. די גאַנצע צייט האָט זי געטראַכט וועגן די פעטע פייגעלאַך און האָט זיך באַלעקט ביים געדאַנק, אַז זי וועט האָבן אַ געשמאַקן מיטאָג. ווען זי איז אָבער גע-קומען צום שפּיץ בוים און האָט אַריינגעקוקט אין נעסט, איז דאָרט גאָר ניט געווען. די נעסט איז גע-ווען ליידיק...!

די קאַץ האָט זיך אַוועקגעזעצט אויפן צווייג און האָט וויינענדיק געזאָגט: „פון אַלע מיאוס׳ע און געמיינע באַשעפענישן, וואָס איך האָב ווען עס איז געזען, זיינען די דאָזיקע פייגעלאַך די מיאוס׳טע און געמיינסטע! מיאַ-אַ-ו!״

# מיין קעצעלע

איך האָב געהאַט אַ קעצעלע,
אַ קעצעלע אַ ווײַס,
מיט אויערלאך צוויי שפּיציקע
צו שפּירן נאָך די מײַז;

מיט אייגעלאַך צוויי גלינקע,
ווי אמת'ער בורשטין,
וואָס פלעגן זיך אָפט אָנצינדן
און פינקלען גאָלדיק־גרין.

איר קליינע, ווייסע פעלכעלע
געהאַט האָט צאַרטע האָר,
וואָס זי פלעגט תמיד ריי‌ניקן
און האַלטן תמיד קלאָר.

און טאָמער פלעגט אַ טראָפּעלע
אַרויפפאַלן אויף איר —
דאַן פלעגט זי נעמען פּוצן זיך
און וואַשן אָן אַ שיר.

דאָס קליינע, ווייסע קעצעלע
געווען איז זייער קלוג:
זי האָט געוואוסט דאָס ווינקעלע
וואו ס'שטייט פון מילך דער קרוג;

און וואו דאָס טעפּל פּוטער איז,
פון שפּייז־אַלמער דעם פּלאַץ —
אַ גרויסע, גרויסע נאַשערקע
געוועזן איז מיין קאַץ!

זי פלעגט זיך שטיל פאַר׳גנב׳ענען
בשעת איך פלעג נישט זען,
און אויפנאַשן אין שפּייז־אַלמער,
דאָרט אַלץ, וואָס ס׳איז געווען.

און ווען איך פלעג צוריקקומען,
דאַן פלעגט זי זיצן שטיל,
און וואַשן זיך די וואָנציקעס
און מורקען מיט געפיל.

נאָר איינמאָל איז געשען מיט איר
אַ מעשה גאָר אַ שרעק —
אויף יאַגד נאָך קליינע פייגעלאַך
איז זי אין הויף אַוועק,

פון הויף אין פעלד, און יאָגנדיק
די פייגעלאַך צום וואַלד,
אַן אָדלער מיט אַן אָדלערטע
באַגעגנט האָט זי באַלד.

אומזיסט האָט זי געבעטן זיך,
געמיאַוקעט און געוויינט,
די בייזע אָדלערם האָבן נישט
איר פעלכעלע געשוינט.

צעריסן זי אויף שטיקעלאך,
געלאָזן נאָר דעם עק.
אים האָב איך נאָכדעם ליגנדיק
געפונען אויפן וועג.



# דעם רבֿ'ס זון



מאָל איז געווען אַ רבֿ מיט אַ רע־בעצן, האָבן זיי קיין קינדער ניט געהאַט. האָבן זיי טאָג און נאַכט געוויינט, און פאַרלאַנגט צו האָבן אַ זון. איז געקומען צו זיי אַן אַל־טער מאַן, און האָט זיי געזאָגט, אַז זיי האָבן ניט קיין קינדער דערפאַר, ווייל מען וויל זיי קיין צער ניט פאַרשאַפן, וואָרים דאָס קינד, וואָס וועט ביי זיי געבוירן ווערן, מוז דעם טאָג, וואָס עס וועט אַלט ווערן זעכצן יאָר, געהרג'עט ווערן דורך אַ דונער. איז אויב זיי זיינען צופרידן דערמיט, וועט ביי זיי געבאָרן ווערן אַ קינד.

האָבן דער רבֿ מיט דער רעבעצן געענטפערט, אַז זיי זיינען צופרידן. וואָס עס וועט זיין אין זעכצן יאָר אַרום — זאָל זיין!

האָבן זיי געהאַט אַ זון. דאָס קינד איז גע־וואַקסן שיין און גוט און קלוג. דאָס קינד איז על־טער געוואָרן און האָט אָנגעהויבן לערנען. וואָס ווייטער אַלץ בעסער. און ווער עס האָט דאָס קינד געקענט, האָט זיך געפרייט, און מען האָט אים

זייער ליב געהאַט. נאָר זיינע עלטערן האָבן טאָג און נאַכט געוויינט, דאָס קינד זאָל בלייבן לעבן.

דער זון זייערער האָט באַמערקט, אַז זיינע עלטערן זיינען אַלץ פאַרוויינט און פאַראומערט. האָט ער זיך געוואונדערט. אַלע מענטשן, וואָס קאָנען אים, פרייען זיך מיט אים, און זיי, די על-טערן זיינע, וואָס אַ טאָג מערער, וואָס ער ווערט עלטער און קליגער, און מערער געלערנט, ווערן זיי אַלץ מער פאַרטרויערט.

איינמאָל האָט ער געפרעגט זיינע עלטערן, פאַרוואָס זיי וויינען אַזוי פיל און איבערהויפּט, ווען זיי גיבן אויף אים אַ קוק, אָדער ווען זיי זעען וואָס אַ טאָג מער זיין קלוגקייט און זיין לערנען.

די עלטערן האָבן זיך ניט געקאָנט איינהאַלטן, און האָבן אים דערציילט די אורזאַך פון זייער טרויער.

דער זון האָט זיי געטרייסט, און האָט גע-זאָגט: לאָמיר האָפן, אַז איך וועל בלייבן לעבן.

אַז עס איז געקומען דאָס זעכצנטע יאָר, האָבן די עלטערן אויפגעבויט אַן אײַזערן שטיבעלע אויפן מיטן פעלד, און דעם רבס זון איז דאָרטן געזעסן און געלערנט אַ גאַנץ יאָר.

נאָר ווען עס איז געקומען דער טאָג פון זיין געבאָרן, האָט זיך דאָס קינד אַזוי באַרעכנט:

אויב עס איז מיר באַשטימט געה׳רג׳עט צו ווערן, קען מען זיך ניט באַהאַלטן. זאָל זיין, ווי בעסער.

און ער איז אַרויס פון דעם אַייזערנעם שטיבעלע און האָט זיך געזעצט לערנען אויפן פרייען פעלד. דערווייל איז אָנגעגאַנגען אַ כמאַרע, מיט גרויסע שוואַרצע וואָלקנס, און עס האָט אָנגעהויבן דונערן און בליצן, און עס איז געוואָרן אַ גרויסער רעגן. מיטאַמאָל האָט אַ זעץ געטאָן אַ גרויסער דונער און איז אַריין אין דעם אַייזערנעם שטיבעלע. דאָס שטיבעלע איז צעבראָכן געוואָרן אויף קליינע שטיקלאַך, אַזוי, אַז עס איז ניט קענטיק געווען, אַז אויף דעם אָרט איז אַמאָל וואָס געשטאַנען.

דעם רבס זון איז לעבן געבליבן און ער איז אַוועק אַהיים.

די עלטערן האָבן זיך מיט זייער זון געפרייט. און אַלע וואָס האָבן געקאָנט זייער זון, האָבן זיך אויך געפרייט. און מען האָט געשענקט אָרימעלייט, און אַלע זיינען געווען צופרידן מיט זיין לעבן און ער אַליין אַוודאי. אַזוי איז זייער גוטע און שטאַרקע האָפענונג דערפילט געוואָרן.

# דאָס וואונדערלאַכע פייפל

א.




ישט ווייט פון אַ גרויסן וואַלד איז געשטאַנען אַ קליין דערפל. ביים אָנהויב דאָרט איז געשטאַנען אַ קליין אָרים הייזל. אין הייזל האָט געוואוינט טביה דער האָלצהעקער און פיר קינדערלאַך. טביה דער האָלצהעקער איז געווען אַ גרויסער אָרימאַן.

איינמאָל, פאַרנאַכט, האָבן אין טביהס טיר אָנגעקלאַפּט דריי אַלטע אידן, אָרימעלייט. ווען טביה האָט זיי געעפנט די טיר, האָבן זיי געבעטן אַ שטיקל ברויט און נאַכטלעגער.

— אַך, גוטע מענטשן, — האָט טביה צו זיי געזאָגט, — איך האָב נאָר איין בעט פאַר די קינדער. עסן האָב איך בלויז קאַרטאָפל און אַ שטיקל שוואַרץ ברויט. נאָר עס מאַכט נישט אויס, קומט, עסט עפּעס און לייגט זיך שלאָפן.

די דריי אָרימעלייט האָבן געגעסן מיט גרויס חשק, דערנאָך זיך אַנידערגעלייגט און באַלד איינגעשלאָפן.

## ב.

אינדערפרי האָט איינער פון די אָרימעלייט געזאָגט, אַז זיי ווילן אים באַצאָלן פאַר זיין גוטס-קייט, נאָר טביה האָט קיין געלט נישט געוואָלט נעמען. האָט דעמאָלט דער צווייטער אָרימאַן געזאָגט:

— דערפאַר ווען מיר דיר געבן אַ מתנה, וואָס איז טייערער פון געלט: נאַדיר אַ פייפעלע. אַז דו וועסט עפּעס וועלן, זאָלסטו אַ פייף טאָן, וועסטו באַלד האָבן, וואָס דו פאַרלאַנגסט. נאָר זע, דו זאָלסט שטענדיק זיין גוט צו אָרימעלייט.

די אָרימעלייט זיינען אַוועקגעגאַנגען. קוקט טביה דער האָלצהעקער אויפן פייפעלע און לאַכט:

— צו וואָס טויג מיר אַ פייפעלע? איך בין דאָך נישט קיין קליין קינד. נאָר איך וועל מיר פּרובירן פייפן. איך וויל, אַז אויפן טיש זאָלן איצט שטיין זעמל מיט מילך, מיט אייער און פּוטער...

טוט ער אַ פייף — און גלייך שטייט אויפן טיש אַלץ, וואָס ער האָט אויסגערעכנט, און עס ליגט נאָך אַ שיין זילבערן מעסער מיט זילבערנע לעפּע-לאַך און מיט אַ גאָלדן זאַלצמעסטל. האָט טביה שוין פאַרשטאַנען, אַז דאָס איז נישט קיין פּראָסט פייפל. און אַז ער האָט נאָר עפּעס באַדאַרפט, איז

גענוג געווען, ער זאָל אַ פּיף טאָן, איז שוין אַלץ געשטאַנען אויפן טיש.

ג.

גייט זיך די צייט, און טביה, דער האָלצהעקער, איז שוין אַ גביר געוואָרן. אויף דעם אָרט, וואו עס איז פריער געשטאַנען דאָס קליינע איינגעפאַלענע הייזל, האָט טביה אויסגעבויט אַ גרויסן און שיינעם פּאַלאַץ. לעבן פּאַלאַץ איז געווען אַ שיינער גאָרטן מיט אַלערליי בלומען, און אין מיטן גאָרטן האָט זיך געקייקלט אַ קליין זילבערן וואַסערל, און אין וואַסערל האָבן זיך געשפּילט פישעלאַך.

אַז דער פּאַלאַץ איז אינגאַנצן אויפגעבויט געוואָרן, האָט טביה געמאַכט אַ גרויסן באַל. האָט ער צונויפגערופן אַלע פּריצים פון די דערפער און שטעט.

זענען אַלע געקומען, זיך אויסגעזעצט פאַר די לאַנגע טישן, געגעסן און געטרונקען און זיך גע-לאָזט וואויל גיין. ביים טויער פון פּאַלאַץ האָט טביה אַוועקגעשטעלט דינער, זיי זאָלן נישט אַריינלאָזן קיין אָפּגעריסענע, קיין אָרימעלייט, מען זאָל אים נישט שטערן די שמחה.

ד.

פונקט דעמזעלבן אָוונט זענען דורכגעגאַנגען פאַרביי דעם פּאַלאַץ יענע דריי אָרימעלייט, וואָס האָבן געגעבן טביה׳ן דאָס פייפל. זעען זיי, אַז ביי טביהן איז אַ שמחה, זאָגט איינער: לאָמיר אַריינ־גיין אַ קוק טאָן. לאָזט מען זיי אָבער נישט אַריין, און אַז זיי ווילן נישט אַוועקגיין, שיקט מען אַרויס אַ גרויסן הונט אויף זיי, וואָס רייסט אָפּ ביי איינעם די קאַפּאָטע און בייסט איין ביים צווייטן אַ פינ־גער. גייען די אָרימעלייט אַוועק.

נאָר אין אַ רגע אַרום קומט אָן אַ גאָלדענע קאַ־רעטע, געשפּאַנט אין פיר פערד. פון קאַרעטע גייען אַרויס דריי פאַרפּוצטע פּריצים מיט ברי־ליאַנטן און גאָלדענע פינגערלאַך אויף די הענט. עפנט מען באַלד טיר און טויער פאַר זיי. לויפט טביה זיי אַרויס אַנטקעגן און דערקענט אין זיי די אָרימעלייט, וואָס האָבן אים געגעבן דאָס פייפל. נאָר די אָרימעלייט האָבן געזאָגט:

„מיר ווילן נישט זיין אויף קיין שמחה ביי אַ אידן, וואָס לאָזט נישט אַריין צו זיך קיין אָרימע־לייט". און איינער האָט געוויזן די קאַפּאָטע, וואָס די הינט האָבן אים צעריסן.

דער עלטסטער פון זיי האָט אַרויסגענומען פון קעשענע אַ פייפל, פונקט אַזאַ ווי ער האָט געגעבן

טביה'ן, אַ פּייף געטאָן איינס־צוויי־דריי — און באַלד איז פאַרשוואונדן געוואָרן דער פּאַלאַץ מיט'ן גאָרטן, מיט אַלע טייערע זאַכן, וואָס טביה האָט געהאַט, און עס איז ווידער געשטאַנען דאָס אַלטע איינגעפאַלענע הייזל.

און די דריי אַלטע לייט זענען פאַרשוואונדן גע־וואָרן.



# אַן ענטפער

„מאַמע, דו מיר זאָגן וואו
דו האָסט מיך גענומען?
און פון וואַנען איז צו אונז
זעלדעלע געקומען?

„ווער מאַכט דאָס דעם רעגן גיין?
מאַ. ווער בלאָזט די ווינטן?
ווער לעשט אויס די זון, און קען,
אינדערפרי אָנצינדן?"

— „לאָז, מיין קינד, דו ביסט צו קליין,
כ'קען דיר ניט דערקלערן;
וועסט שוין אַלצדינג וויסן, וואַרט,
וועסט אַ גרויסער ווערן . . ."

— „אָבער, מאַ, ווי ווערט מען גרויס,
קענסטו מיר דאָס זאָגן?
און ווי קען דער ים אויף זיך
שווערע שיפן טראָגן?

„ווי קען —“

— „שאַ, דו קלײנער, שאַ!
הער שוין אויף צו פרעגן;
שוין זאָלסטו אין בעט אַריין,
און זיך שלאָפן לייגן!“

— „כ׳ווייס ניט וואָס איך האָב געטאָן,
אַז מען דאַרף מיך שטראָפן;
ס׳איז דער זייגער זיבן בלויז,
און איך דאַרף שוין שלאָפן!“



# צוויי שותפים

צוויי שטעקלאַך זענען געוואָרן שותפים,
אין אַ קײלאַכדיק געשעפט
פון צוועלף ציפערן,
מיט אַ שויפענסטער פון פאָרנט.
דער לאַנגער שותף
רוט נישט קיין מינוט,
און האַלט אין איין ציילן
און באַקוקן די סומע.

דער קלענערער, דער פעטערער שותף,
מאַכט זיך ווי ער שלאָפט.
קוקט בגנבה אויפ׳ן לאַנגן,
און קריכט אים נאָך זייער לאַנגזאַם,
און ציילט די ציפערן
מיט טיפן חשד.

כמעט יעדע שעה —
קומען זיי צוזאַמען.
דער לאַנגער —
רוקט זיך אַרויף אויפ׳ן קלענערן,
און רוימט אים איין:
„געשעפט — גייט גוט,

נאָר איך אַרבעט זייער שווער.“
און אַז דער קלענערער, ווײַל זיך אַריר טאָן,
אים עפּעס זאָגן —
פֿאַרדרייט דער לאַנגער מיטן קאָפּ אויף ניין,
און רוקט זיך פֿון אים אַוועק.

הינטערן גרויסן געשעפֿט —
איז פֿאַראַן אַ קליין געשעפֿטעלע,
אויך פֿון צוועלף ציפֿערן,
מיט אַ סוחר׳ל פֿאַר זיך אַליין.

דאָס קליין־ענערגיש סוחר׳ל
איז פּינקטלאַך צו דער רגע,
און דרייט זיך ווי אַ וועווריקל
אַרום זיין פֿאַרמעגן,
און זינגט,
און זוכט
און נישטערט.

האַלט איך דאָס געשעפֿטל אין האַנט,
און קוק אויף די דריי נאַרישע סוחרים,
וואָס פֿאַרדרייען זיך די קעפּ,
און די יאָרן,
אַרום געשעפֿטן
וואָס ברענגען גאָר — נישט אַריין.

## דער הונט, די קאַץ און די מויז.



אַם איז געווען אַמאָל, אַמאָל אין די צייטן פון שלמה המלך.

שלמה המלך האָט געקענט רעדן מיט אַלע חיות און מיט אַלע פויגלען. מיט דעם פערד האָט ער גערעדט אויף דעם הי־הי־הי לשון; מיט דעם הונט האָט ער גערעדט אויף דעם האַו־האַו לשון; מיט דער קאַץ אויף דעם מיאַו־מיאַו לשון, און אַזוי מיט אַלע באַשעפענישן.

שלמה המלך האָט געהאַט אַ סך פריינט אין אַנדערע לענדער, און ער האָט זיי געשיקט בריוו. די בריוו פלעגט ער שיקן מיט דער טויב. די טויב פלעגט אָפּטראָגן אַ בריוו און ברענגען צוריק אַ בריוו.

איינמאָל האָט שלמה המלך געדאַרפט שיקן אַ סך, אַ סך בריוולאַך אין אַלע לענדער. האָט דאָך די טויב ניט געקענט פליען אומעטום, האָט דער קיניג אויסגערופן: „ווער וויל אַוועקטראָגן אַ נייטיק בריוול צו דער קיניגן פון שבא?“

דער הונט האָט זיך אָפּגערופן: „האַו־האַו“. — ער וויל אָפּטראָגן דעם בריוו צו דער קיניגן פון שבא. איז דאָך טאַקע דער הונט זייער געשווינט, ער קען לויפן, האָט אים דער קיניג געגעבן אַוועקצוטראָגן דעם בריוו.

דער הונט האָט געהאַלטן דעם בריוו אין מויל, צווישן

די ציינער און מיט זיינע פלינקע פיס איז ער געפלויגן איבער פעלדער און דורך וועלדער צו דער קיניגן פון שבא.

פלוצלונג — אַ טייך. שווימט ער אַריבער דעם טייך און שווימנדיק האָט ער פאַרנעצט דעם בריוו. שטייט אַזוי דער הונט מיטן נאַסן בריוו און ווייסט ניט וואָס צו טאָן. וואָרום ס'איז ניט שיין צו ברענגען דער קיניגין פון שבא אַ פאַרנעצטן בריוו. נאָר ווי דער הונט שטייט אַזוי מיטן נאַסן בריוו, קומט אָן די קאַץ. דערציילט איר דער הונט וואָס מיט אים האָט פּאַסירט און ער ווייזט איר דעם איינגענעצטן בריוו.

„ווייסטו וואָס, פריינט הונט", — רופט זיך אָפּ די קאַץ, „גיב מיר דעם בריוו, וועל איך אים אויסטריקענען. דו ווייסט דאָך, איך זיץ שטענדיק ביים וואַרימען אויוון, קען איך שנעל אויסטריקענען דעם בריוו".

גיט דער הונט דער קאַץ דעם בריוו און אַליין לייגט ער זיך דערווייל אָפּרוען.

די קאַץ איז אַוועק צום אויוון. דעם בריוו האָט זי אַוועקגעלייגט ביים הייסן טירל און אליין האָט זי זיך אַוועקגעזעצט וואַרטן. איז די קאַץ געזעסן אויף אירע הינטערשטע פיס, מיטן פלייצע צום וואַרימען אויוון און מיטן פנים צו די שטראַלן פון דער זון, וואָס האָט דורכ'ן פענסטער אַריינגעשיינט אַזוי לאַנג ביז ס'איז איר געוואָרן גוט וואַרים, דער קאַץ. און אַ גרויסע פוילערקע איז זי דאָך, איז זי שנעל אַנטשלאָפן געוואָרן ביים אויוון.

דערווייל איז פון אַ לעכל אין דיל אַ מייזעלע אַרויסגעקומען. דאָס מייזעלע האָט זיך אַרומגעקוקט, — די קאַץ שלאָפט! האָט זי אַ כאַפּ געטאָן דעם בריוו און איז מיט אים אַנטלאָפן אין איר נאָרע, דורך דעם לעכל פון דיל.

די קאַץ האָט זיך אויפגעכאַפּט: זי האָט דערהערט אַ שאָרשקען. דאָס האָט געשאָרשקעט דער בריוו, בשעת דאָס מייזעלע האָט אים איבער די דילן געשלעפּט. האָט זיך די קאַץ פלינק אַ יאָג געגעבן נאָך דעם מייזל, אָבער ס'איז שוין געווען פאַרפאַלן. דאָס מייזל מיטן בריוו איז שוין געווען טיף אין נאָרע.

און פון דאַמאָלס אָן האָט די קאַץ ניט דעם בריוו און זי האָט מורא זיך צו ווייזן פאַר'ן הונט.

און דער הונט האָט ניט דעם בריוו, ווייל די קאַץ האָט אים ניט אָפּגעבראַכט, ווייל דאָס מייזעלע האָט אים צוגעכאַפּט.

ווען דער הונט דערזעט די קאַץ, גיט ער זיך צו איר אַ וואָרף מיט כעס:

„ר־ר־ר־או, ר־ר־ר־או! וואו איז מיין בריוו!"

האָט די קאַץ ניט וואָס צו ענטפערן, אַנטלויפט זי און באַהאַלט זיך פון דעם הונט.

דערפאַר, אַז די קאַץ דערזעט די מויז, כאַפּט זי זי און זי בייסט זי און זי רייסט זי און זי זאָגט צו איר:

„האַ? ועסט ווייטער גנב'ענען בריוו? ועסט גנב'ענען?!"

# אַ מעשה מיט אַ חזיר, מיט אַ וואָלף, מיט אַ קאַטשקע און מיט אַ גאַנז



ע ו ו ע ן איז אַמאָל אַ חזיר ,אַ קאַטשקע און אַ גאַנז, וואָס האָבן געלעבט צווישן זיך זייער גוט. געווען אויך אַ וואָלף, וואָס האָט געוואוינט נית ווייט פון זיי אין וואַלד.

פאַרגלוסט זיך איינמאָל די דריי חברים אויסצובויען יעדער פאַר זיך אַ שטיבעלע.

גייט אַוועק די קאַטשקע אין וואַלד, קלייבט אָן מאָך און בלעטער און בויט זיך אויס אַ הײַזל.

גייט די גאַנז אויך אַוועק אין וואַלד, קלייבט זיך אויך אָן בלעטער, מאָך און דינע צווייגן, און שטעלט זיך אויף אַ שטיבל.

דאָס חזיר האָט אָבער גענומען ברעטער, טשוועקעס און אַ האַמער און האָט אויסגעבויט אַ פעסט הויז און אויפן דאַך האָט ער אָנגעקלאַפּט אַ סך טשוועקעס מיט די שפּיצן אַרויף.

זיי זיינען נאָר געוואָרן פאַרטיק מיט דער אַרבעט, ערשט דער וואָלף קומט צו גיין. גייט ער צו גלייך צו דער קאַטשקעס הויז און זאָגט:

— קאַטשקע, עפן מיר!

— וואָס דאַרפסטו?

— איך וויל אַריינקומען צו דיר.

— ניין, איך וויל ניט עפענען.

— נו, וועל איך אַרויפקריכן אויף דיין דאַך, וועל אַזוי שפּרינגען .וועל אַזוי לאַנג קלאַפּן, ביז איך וועל עס איינגאַנצן צעברעכן.

— קריך, אויב דו ווילסט.

קריכט דער וואָלף אַרויף אויף דער קאַטשקעס שטיבל און צעברעכט עס. די קאַטשקע אָבער איז אַנטלאָפן צו דער גאַנז.

— גאַנז עפן מיר!

— וואָס דאַרפסטו?

— אָט די קאַטשקע, וואָס ביי דיר.

— ניין, איך וועל ניט עפענען.

— נו, וועל איך אַרויפקריכן אויף דיין שטיבל, וועל אַזוי שפּרינגען, וועל אַזוי לאַנג קלאַפּן, ביז איך וועל זי אינגאַנצן איינוואַלגערן.

— קריך, אויב דו ווילסט.

קריכט אַרויף דער וואָלף אויף דער שטוב פון דער גאַנז און וואַלגערט זי איין. די גאַנז איז אַנטלאָפן מיט דער קאַטש-קע צום חזיר.

גייט דער וואָלף אַוועק צום חזיר.

— שוויין, עפן מיר!

— וואָס דאַרפסטו?

— איך דאַרף די גאַנז מיט דער קאַטשקע, וואָס ביי דיר.

— ניין, כ׳עפן ניט.

— נו, וועל איך אַרויפקריכן אויף דיין שטיבל, וועל אַזוי

שפרינגען, וועל אזוי לאנג קלאפן, ביז איך וועל זי אינגאנצן איבערקערן.

— קריך, אויב דו ווילסט.

קריכט דער וואלף ארויף אויפן דאך און הייבט אן צו שפרינגען און קלאפן. שטעכן אים אבער די טשוועקעס, וואס דאס חזיר האט אנגעקלאפט, און ער שפרינגט גלייך אראפ פון דאך.

נעמט דער וואלף און שטעקט אריין די נאז אין שלאס־לאך און קוקט אריין אינעווייניק אין שטיבל זען, וואס טוט זיך דארט. הערט ער, ווי דאס חזיר זאגט צו זיינע צוויי חברים:

— לאמיר זיך אפקאכן א קאשע פון קוקרוזע. דו, קאטש־קע, גיי צעלייג א פייער; דו, גאנז, גיי ברענג וואסער, און איך וועל איבערטראגן דאס מעל אויף מיין עק.

קוקט דער וואלף און מורמלט שטיל:

— אי, וואלט איך א בעלן געווען א כאפ טאן פון דעם עקל, וואס טראגט דאס מעל, ווי אויף א שטעקל.

דערהערט דאס חזיר און שרייט:

— וואלף, וואס זאגסטו?

— עט, כ׳זאג, די קאטשקע צעלייגט גוט דאס פייער... אי, וואלט איך א בעלן געווען א כאפ טאן פונם עקל, וואס טראגט דאס מעל, ווי אויף א שטעקל.

— וואלף, וואס זאגסטו?

— עט, כ׳זאג, די גאנז טראגט גיך דאס וואסער... אי,

וואָלט איך געווען אַ בעלן אַ כאַפּ טאָן פונם עקל, וואָס טראָגט דאָס מעל, ווי אויף אַ שטעקל.

— וואָלף, וואָס זאָגסטו?

— עט, כ'זאָג, דו טראָגסט גוט דאָס מעל.

אַריבערגעטראָגן דאָס גאַנצע מעל, נעמט דאָס חזיר און פאַרמישט עס מיט קאַלט וואַסער, גיסט אַריין אין טאָפּ און נעמט מישן מיט אַ גרויסן קאָכלעפל.

דער וואָלף הערט ניט אויף נאָכצוקוקן.

אַז די קאַשע איז געוואָרן פאַרטיק, גיט דאָס חזיר אַ געשריי:

—וואָלף, ווילסט אַ ביסל?

— סאַ שאלה, צי איך וויל!

— טאַ שטרעק אוים די לאַפּע.

עפנט דאָס חזיר אַ ביסל די טיר, מיינט דער וואָלף, ער וועט קענען אַריינכאַפּן זיך אינעווייניק און שטעקט אַריין די לאַפּע. נעמט אָבער דאָס חזיר און גיסט אוים אויף אים אַ פולן קאָכלעפל זודיקע קאַשע, אַז דער וואָלף האָט אַזש אָנגעהויבן ביטער וואָיען און איז אַנטלאָפן אין וואַלד אַריין.

פון דעמאָלט אָן איז ער שוין מער צו זיי ניט געקומען.

און דאָס חזיר, די קאַטשקע און די גאַנז האָבן זאַלבע־דריט געלעבט רואיק און גליקלאַך.

# די שטאָלצע ציג

גייט אַרום די ציג אויף שטאָלצן,
און דער באָק, ער ווערט צעשמאָלצן
פון זיין נחת, פון זיין גליק,
פון זיין בערדלדיקער ציג.

און די ציג איז אויך צופרידן.
גייט זי אום אויף די יאַרידן
מיט אַ קעפּל קרויט אין שוים
אויף די שטאָלצן הויך און גרוים.

זיינען ציגן איר מקנא,
נאָר מען פרעגט ניט — וואָס, פון וואַנען:
אויף אַ מעשה, אויף אַ ליד
פרעגט מען דאָך קיין קשיות ניט.



# צוויי חברים



יינען געגאַנגען צוויי חברים אין וואַלד קלייבן יאַגדעס. האָבן זיי פּלוצלונג דער־זען אַ גרויסן, גרויען בער, מיט אַן אָפן מויל. איז איינער פון די חברים תיכּף נעלם געוואָרן: ער האָט זיך אַרויפגע־כאַפּט אויף אַ בוים און זיך דאָרטן באַ־האַלטן. דער צווייטער, אָבער, האָט זיך אַ וואָרף געטאָן אויף דער ערד און געמאַכט אַן אָנשטעל, אַז ער איז טויט.

גייט צו דער בער צו דעם אינגעלע און הייבט אים אָן אַרומשמעקן. שמעקט ער אים דאָס פּנימל, די הענט, די פּיס; זעט ער, אַז דאָס אינגל איז טויט, ווי אַלע טויטע. נעמט דער בער און גייט אַוועק.

אַוועקגעגאַנגען דער בער, קריכט אַראָפּ דאָס צווייטע אינגל פון בוים און צעלאַכט זיך:

— חבר, — מאַכט ער נאָכדעם — וואָס האָט דיר דער בער איינגערוימט אין אויערל?

עפנט יענער די אויגן און רופט זיך אָן:

דער בער האָט מיר געזאָגט: „אַ שלעכטער חבר איז דער, וואָס לאָזט איבער זיין חבר אין אַ סכנה און אַנט־לויפט.“



# דער הונט באָבי



ין אַ שטאָט אין ענגלאַנד איז געשטאָרבן אַן עלנטער מענטש. געהייסן האָט ער גרײַ. אַ צוויי-דריי מענטשן זײַנען געגאַנגען אויף זײַן לויה. הינטער די דאָזיקע מענטשן איז אויך געגאַנגען אַ הונט מיט אַן אַראָפּגעלאָזטן קאָפּ און האָט שטיל געיאָמערט.

באָבי האָט געהייסן דער הונט, וואָס האָט צוזאַמען מיט די מענטשן באַוויינט דעם טויטן.

אויף מאָרגן האָט דער בית-עולם וועכטער באַמערקט אַ הונט ליגן בײַם פֿרישן קבר, האָט ער אים פֿאַרטריבן מיט אַ שטעקן: קיין הינט טאָר נישט אַרויפֿגעלאָזט ווערן אויף אַ בית-עולם.

אויפֿן דריטן טאָג איז דער הונט ווידער געלעגן בײַם קבר און ווידעראַמאָל איז ער אַרויסגעיאָגט געוואָרן מיט אַ שטעקן.

אויפֿן פֿערטן טאָג איז געווען זייער אַ שלעכטער וועטער: אַ קאַלטער רעגן איז געפֿאַלן פֿון הימל און אַ רויער ווינט האָט געבראָכן די ביימער. דאָס מאָל איז באָבי געלעגן בײַם קבר צונויפֿגעדרייט ווי אַ בייגל און געציטערט פֿון קעלט. האָט דער שומר רחמנות געהאַט אויף אים און געבעטן אים עפּעס צו עסן. דעמאָלט האָט באָבי פֿאַרשטאַנען,

אַז מער וועט מען אים שוין נישט פאַריאָגן פון בית־עולם און ער האָט זיך דאָ באַזעצט אויף שטענדיק.

גאַנצע צען יאָר, טאָג איין, טאָג אויס, האָט דער טרייער באָבי פאַרבראַכט ביים קבר פון זיין באַלעבאָס. באָבי איז שוין אַלט און קראַנק געוואָרן, די אויגן זיינען אים שוין אויס־געלאָשן געוואָרן, אויף די פיס האָט ער שוין נישט געקאָנט שטיין, אָבער ער איז אַלץ נישט אָפּגעטראָטן פון קבר, און עד היום זאָגט מען אין יענער שטאָט: אַ קליינינקייט, הינ־טישע טרייקייט... נישטאָ קיין גלייכן צו איר...



## אַ מעשה מיט אַ האָן

איינס און איינס איז צוויי,
צוויי און איינס איז דריי —
האָב איך מיר אַ לידעלע,
לידער־לידער־ליי.

זינג איך מיר דאָס לידעלע,
הייב איך עס מיר אָן:
אויף אַן אַלטן בוידימל
האָט געוואוינט אַ האָן.

בוידימל אויף שטיבעלע
און שטיבעלע איז קליין,
האָט אַן אַלטע באָבעלע
דאָרט געוואוינט אַליין.

איז דער באָבען אומעטיק,
אומעטיק און וויסט,
זוכט זי זיך און דרייט זי זיך,
דרייט זי זיך אומזיסט.

זוכט זי זיך אַן אַרבעט אויס,
אַרבעט זיך שוין שוואַך,
לייגט אַוועק, פאַרטראַכט זי זיך,
דערמאָנט זי זיך אַ זאַך:

האָט זי דאָך אַ האַנדעלע,
אויף אַ בוידימל אַן עוף,
גייט אַרוים אין הייזעלע
און דורך טרעפּ אַרויף.

אויף־אַרויף, אויף לייטערל,
קוקט זי זיך דאָרט איין,
דורכן קליינעם פענסטערל
שלאָגט דאָרט אָפּ אַ שיין.

שטייט דאָרט אין אַ ווינקעלע
אַ שטייגעלע פאַרמאַכט,
טאָגט און נעכטיקט האַנדעלע
בייטאָג דאָרט און ביינאַכט.

גיט זי דעם און האָדעוועט
פון אַרבל און פון האַנט:
דאָס עופעלע, עס שרעקט זיך ניט:
די באָבעלע באַקאַנט.

עסט זיך עס, און פּיקט זיך עס,
און כאַפּט זיך עס, און שלינגט,
און מיט האַנערש אייגעלע
צו באָבעלע זיך ווינקט.

פּיק און פּיק און איילנדיק
מיט פּיקערל אין קאָפּ —
און צופרידן באָבעלע
גייט אין שטוב אַראָפּ.

און אַזוי, און אַלע טאָג,
דורך בוידים און דורך לאָך,
און אַזוי, און זיבן טעג,
און זיבן טעג אין וואָך.

גייט אַראָפּ און גייט אַרויף,
און אַלע טאָג אויפסניי,
די באָבעלע מיט האָנדעלע,
זיי בלייבן זיך געטריי.



# דאָס אָרימע אינגעלע



אָס ערשטע מאָל האָט די קליינע, רייכע רחלע געזען אַן אָרימאַן. צעריסענע קליידער, שוואַרצע הענט, צעשויבערטע האָר און שטילע אויגן. ער איז געזעסן ביים טיש און מיט אַ מאָדנער געפאַלנ־קייט געטראָגן צום מויל דאָס עסן, וואָס מען האָט פאַר אים געשטעלט.

וואָס טוט ער דאָ? — האָט זי מיט גרויס נייגעריקייט געפרעגט דער מאַמען.

— מאָרגן וועט ער וואוינען אָט דאָרטן אין קעלער — האָט די מאַמע אָנגעוויזן אויף צוויי שמוציקע פענסטערלאַך סאַמע לעבן דער ערד. — ער האָט נישט וואו צו וואוינען, שענק איך אים דעם קעלער.

— דאָס איז אַן אָרימאַן — האָט די מאַמע שפּעטער אָפּגעזיפצט.

איינמאָל אינדערפרי, בשעת די זון האָט געשיינט און די עטלאכע קאַרשן־ביימלאַך וואָס אויפן הויף, זיינען באַדעקט געוואָרן מיט ווייסע בלומען, האָט רחלע דערזען ווי פון קעלער איז אַרויס אַ קליין שוואַרץ אינגעלע מיט שטילע, שוואַרצע אייגעלאַך. דאָס אינגעלע האָט זיך פריער אַרומגעקוקט און גלייך צוגעגאַנגען צו רחלען.

— די קאַרשן־בוימער בליען — האָט ער זיך שטיל אָנגערופן.

— פון וואַנען ווייסטו ? — האָט אים רחלע אָנגעקוקט.

און דאָס אָרימע אינגעלע דערציילט איר, אַז פון די ווייסע בלימעלאַך וועלן ווערן רויטע קאַרשן מיט ביינדע־לאַך און פון די ביינדעלאַך קאָן מען מאַכן פּאַטשערקעס. ער קאָן דאָס מאַכן, זאָלן נאָר פּאַרטיק ווערן די קאַרשן.

— ווי רופט מען דיך ? — האָט זי געפרעגט.

— יאַנקעלע . . .

אין אָוונט, פאַרן גיין שלאָפן, האָט זי געפרעגט דער מאַמען :

— מאַמע, אָרימעלייט האָבן שיינע קינדער אויך ? . . .

די מאַמע האָט זיך צעלאַכט און אַ גלעט געטאָן רחלען אין בעקעלע.

אינמיטן זומער, אַז די קאַרשן זיינען צייטיק געוואָרן, האָט יאַנקעלע געמאַכט פאַר רחל'ען אַ קרענצל פּאַטשערקעס פון די קאַרשן־ביינדעלאַך. רחלען איז עס שטאַרק געפעלן געוואָרן און אויף דער נאַכט האָט זי עס אויפגעהאַנגען אויף דער ניקעלער קויל פון בעטל.

דער זומער איז זיך דורכגעלאָפן, און דערנאָך איז אַוועק אַ יאָר און צוויי און דריי און מער. דער אָרימאַן האָט זיך שוין לאַנג ארויסגעצויגן און רחלע איז געוואָרן אַ גרויס מיידל; זי האָט געקאָנט גוט טאַנצן און זייער שיין שפּילן קלאַוויר.

און טיילמאָל פאַרנאַכט, ווען זי פלעגט ענדיקן שפּילן

און אין צימער פלעגן לאַנגזאַם אָפּשטאַרבן די לעצטע קלאַנגען פון קלאַוויר, פלעגט רחלע דערמאָנען זיך אָן דעם אָרימאַנס אינגעלע, וואָס האָט איר אַמאָל געשענקט אַ קרענצעלע פּאַטשערקעס פון קאַרשן-ביינדלאַך; עס פלעגט איר דעמאָלט פאַרקלעמען דאָס האַרץ און איר פלעגט זיך דאַכטן, אַז דאָס איז געווען דאָס שענסטע אינגעלע אויף דער וועלט.



# דער האָלצהעקער און די זשאַבע.

.1



מאָל האָט אַן אָרימער האָלצהעקער גע־האַקט האָלץ לעבן אַ טייך. די האַק האָט זיך אים אַרויסגעגליטשט פון די הענט און איז אַריינגעפאַלן אין וואַ־סער. האָט ער זיך אַוועקגעזעצט לעבן טייך און האָט גענומען קלאָגן און וויינען: ער האָט ניט געהאַט קיין געלט מיט וואָס צו קויפן אַ צווייטע האַק.

ווי ער זיצט אַזוי, רוקט אַרויס אַ גרויסע זשאַבע איר קאָפּ פון וואַסער און פרעגט:

— פאַרוואָס וויינסטו?

— מיין האַק איז מיר אַריינגעפאַלן אין וואַסער און איך האָב ניט מיט וואָס צו קויפן אַן אַנדערע.

די זשאַבע האָט זיך אַראָפּגעלאָזט אין וואַסער און איז אין אַ ווייל אַרום אַרויף מיט אַ גאָלדענער האַק.

— איז דאָס דיין האַק? — האָט זי אים געפרעגט.

— ניין, — האָט דער האָלצהעקער געענטפערט.

די זשאַבע איז ווידער אַרונטער אין וואַסער און אַרויפ־געבראַכט אַ זילבערנע האַק.

— איז דאָס דיין האַק? — האָט זי אים געפרעגט.

— ניין, — האָט דער האָלצהעקער געענטפערט.

צום דריטן מאָל האָט זי ארויפגעבראַכט אַ פּראָסטע האַק, פון אײַזן און האָלץ.

— איז דאָס דיין האַק?

— יאָ, — האָט ער געענטפערט.

האָט געזאָגט די זשאַבע: ווייל דו האָסט ניט געוואָלט צונעמען קיין פרעמדע האַק, שענק איך דיר אַלע דריי העק.

דער האָלצהעקער האָט גענומען די דריי העק און איז אַוועק אַהיים. ער האָט אַלעמען דערציילט, וואָס מיט אים האָט געטראָפן.

.2

אַ האָלצהעקער, אַ שכן, האָט דאָס דערהערט, איז ער אויף גיך אַוועק צום טייך און האָט אַריינגעוואָרפן זיין פּראָסטע האַק אין וואַסער און ער האָט זיך אַוועקגעזעצט ביים ברעג און האָט גענומען וויינען.

האָט זיך באַוויזן דיזעלביקע זשאַבע און געפרעגט:

— פאַרוואָס וויינסטו?

— מיין האַק איז אַריינגעפאַלן אין וואַסער און איך קען זי ניט אַרויסנעמען.

די זשאַבע האָט זיך אַראָפּגעלאָזט און איז אַרויפגעקומען מיט אַ גאָלדענער האַק.

— איז דאָס דיין האַק? — האָט זי אים געפרעגט.

— יאָ, — האָט ער געענטפערט.

ווען די זשאַבע האָט דאָס דערהערט, האָט זי זיך אַראָפּגעלאָזט אונטערן וואַסער און איז שוין מער ניט ארויף צוריק.



# פאַרוואָס וואַשט זיך אַ קאַץ נאָכן עסן?



מאָדנע זאַך! האָט זיך אַ אינגל געוואונדערט — אַלע וואַשן זיך פאַרן עסן און די קאַץ וואַשט זיך אַלע מאָל נאָכן עסן, פאַרוואָס איז דאָס?

— אויב דו וועסט זיך לאָזן אויסצוואָגן, האָט צו אים די באָבע געזאָגט, — וועל איך דיר דאָס ערקלערן. און זי האָט אים דערציילט אַזאַ געשיכטע:

גאָר אַמאָל האָט זיך די קאַץ אויך געוואַשן פאַרן עסן, נאָר לאַנג שוין האָט געטראָפן אַזאַ מעשה: אַ יונג קעצעלע האָט אַמאָל געכאַפּט אַ גראָאינק מייזעלע. דאָס קעצעלע האָט זיך אַביסל אָנגעשפּילט מיטן מייזל און געוואָלט מאַכן אַ סעודה. דאָס מייזל איז גראָד געווען אַ קלוגס. דערזען, אַז ס׳האַלט שמאָל, האָט עס פאַרפירט מיטן קעצל אַזאַ מין שמועס:

— „קעצעלע, וואָס איז דאָ מיט אייך? איך הייב דאָס ניט אָן צו פאַרשטיין? צי קאָן דאָס גאָר טרעפן אין דער וועלט, אַז אַזאַ שיינע קאַץ, אַזאַ

קלוגע קאַץ, אַזאַ געראָטענע קאַץ, ווי איר — איר זאָלט זיך נעמען עסן אומגעוואַשן! איך בין שוין געווען אין אַ סך הייזער. איך האָב שוין געטראָפן אַ סך מענטשן און קיינמאָל האָט נאָך ניט פּאַסירט אַזאַ זאַך, מ׳זאָל זיך ניט וואַשן פאַרן עסן".

דאָס קעצל האָט זיך פאַרשעמט און גענומען אויף גיך זיך וואַשן מיט דער לאַפּקע. דערויף האָט דאָס מייזל געוואַרט. ס׳האָט ניט געווערט קיין מינוט און — פּיף־פּאַף — געמאַכט די פּליטה.

אַז דאָס מייזל איז שוין געווען אין אַ זיכער אָרט, האָט עס זיך אָפּגערופן:

— געדענק זשע קעצעלע, זאָלסט זיך וואַשן אַלע מאָל פ אַ ר ן עסן!

די קאַץ איז געווען זייער אין כעס. זי האָט דערציילט די געשיכטע אַלע אירע באַקאַנטע. און פון דעמאָלט אָן איז געוואָרן אַ מנהג ביי די קעץ — קיינמאָל ניט גלייבן, וואָס די מייז זאָגן און וואַשן זיך אַלע מאָל נ אָ כ ן עסן.



## דעם זיידנס טאַביק-פּושקע

— זיידע, ווייז דיין טאַביק-פּושקע,
איך וויל אויך אַ שמעק.
— גיי, דו ביסט אַ שטיפער! — זאָגט ער
און ער גייט אַוועק.

טראַכט איך: אַז דער זיידע ט'שלאָפן,
קיינער וועט ניט זיין,
וועל איך אויף די שפּיצן פינגער
אין זיין שטוב אַריין.

אויסזוכן די פּושקע טאַביק
אין זיין לאַנגען ראָק,
אָנמעסטן די גרויסע ברילן,
אומגיין מיט זיין שטאָק.

טאַביק וועל איך קענען שמעקן,
וויפיל נאָר איך וויל;
וועל איך אויסזען, ווי אַ זיידע,
אוי, אַ שיינע שפּיל!

שאַ, דער זיידע מוז שוין שלאָפן!
בין איך באַלד ביים טיר;
שפּאַן אַריין צו אים אין קאַמער,
ס'הערט זיך ניט קיין ריר.

כאַפּ איך זיידעס ראָק פון בעטל,
זוך די טאַביק אוים,
נעם דעם שטעקן און די ברילן
און איך גיי אַרוים.

שטעל איך זיך אַנטקעגן שפּיגל
אין דעם זיידנס ראָק.
מיט די ברילן אויף די אויגן,
אין מיין האַנט דעם שטאָק;

וויל איך עפענען די פּושקע,
קען איך ניט, ס׳איז שווער;
ריים איך זי מיט אַלע כוחות,
דריי זי הין און הער.

ביז עס רייסט זיך אויף דאָס דעקל
מיט אַ גרויסן פּראַל;
פליט אין נאָז און אין די אויגן
טאַביק — ביטער גאַל!

האַפּטשי! האַפּטשי! זיידע, זיידע!
גיכער, קום אַהער!
האַפּטשי! אוי, די אויגן, זיידע,
כ׳וועל ניט טאָן דאָס מער!

קומט דער זיידע שנעל צו לויפן:
— האפּטשי! וואָס איז דאָס?
— אוי ס'איז ביטער אין די אויגן,
ביטער דאָ אין נאָז!

— זעסט, זאָגט ער, — וועסט נאַשן טאַביק,
אַז דער זיידע שלאָפט?
—כ'ווייס, איך בין געווען אַ שלעכטער,
האָט מיך גאָט געשטראָפט...



# עטעלע און איר פּאָפּקע



יך האָב אַ חבר צו וועמען איך קום אָפט צו גיין פאַרברענגען, לייענען אַ בוך, צי שמועסן גלאַט אַזוי. האָט ער אַ קליין שוועסטערל פון פינף יאָר. איז זי אַ שיינינקע און אַ קלוגע. איך האָב ליב אָפטמאָל מיט איר זיך צו שפּילן. איך נעם זי צו זיך אויפן שויס און פרעג זיך נאָך אויף איר און אויף אירע חבר׳טעס, און וועלכע זאַכן זי האָט, און אין וועלכע שפּילן זי שפּילט זיך. איך האָב ליב צו הערן, ווי זי ענטפערט קלוג אויף אַלץ. צוערשט קלערט זי אַ ווײַלע, אײַלט זיך ניט צו ענטפערן, און נאָכדעם איז איר ענטפער געענוי און קלאָר. נאָר זאָל גאָט באַהיטן, אויב איך, אָדער אַן אַנדערער, זאָל וועלן איר אַ קוש טאָן! זי וויל שוין מער ניט צוגיין — אַזוי בייז ווערט זי.

איינמאָל קום איך צוגיין צו מיין חבר, געפין איך אים ניט. זי, עטל הייסט זי, זעט זיך אויך ניט. וויל איך שוין גיין צוריק. ערשט אויף דער וועראַנדע געפין איך עטעלען, ווי זי זיצט זייער פאַרזאָרגט און שאָקלט זיך. גיי איך צו.

— וואָס ביסטו, עטעלע, אַזוי פאַרזאָרגט? — פרעג איך זי.

ענטפערט זי:

— מיין פּאָפּקע איז קראַנק.

צעלאַך איך זיך. פילט זי זיך באַליידיקט.

— איר דאַרפט ניט לאַכן, — זאָגט זי, — מיין פּאָפּקע איז געפּערלאַך.

מאַך איך זיך זייער באַזאָרגט.

— וואָס איז איר? — פרעג איך.

— זי איז קראַנק.

נעם איך די פּאָפּקע אין האַנט, דריי זי אַהין, דריי זי אַהער — און זע גאָרנישט! זאָגט עטעלע צו מיר:

— זעט, ווי איר איז היים דאָס קעפּעלע.

איך טאַפּ אָן דאָס קעפּעלע — מער ווי איין פינגער מיינער לייגט זיך ניט אוים אויף דעם שטערנדל. מיר דאַכט זיך — קאַלט, ווי אַלע פּאָפּקעס קעפּלאַך.

— טאַקע היים. ניט געזונט.

ווישט זי זיך די שוואַרצע אייגלאַך אירע מיטן פאַרטוכל.

— היילט זי אוים — בעט זי זיך ביי מיר און ציט מיך פאַרן לאַץ פון רעקל.

פרעג איך:

— מיט וואָס?

זאָגט זי:

— זעט צוערשט וויפיל היץ זי האָט.

נעם איך אַ שוועבעלע און שטעק אריין דער פּאָפּקע צווישן די ציינדלאַך.

— זי מאָזלט, — זאָג איך.

— וואָס טוט מען? — פרעגט זי טרויעריק.

— ברענג, — היים איך איר, — וואַסער און אַ טיכעלע.

זי האָט עם מיר באַלד געבראַכט. איך האָב איינגע־
טונקט אַ ברעג טיכעלע אין וואַסער און צוגעלייגט דער
פּאָפּקע צום קעפּל. דערנאָך האָט עטעלע געלייגט די פּאָפּקע
אין בעטל שלאָפן. דערווייל האָט זיך עטעלע גענומען צו
שניידערן, האָט גענייט אַ קליידעלע פאַר דער פּאָפּקע און
מיר האָבן געשמועסט. אין אַ ווײַלע אַרום נעמט זי מיך
פאַרן אַרבל און ציט מיך, איך זאָל גיין זען, צי די פּאָפּקע
פילט בעסער. דער פּאָפּקען איז שוין געווען בעסער; באַלד
אינגאַנצן געזונט. פון פרייד און דאַנקבאַרקייט האָט עטעלע
מיר דערלויבט איר אַ קוש צו טאָן.

— איר זייט אַ גוטער דאָקטאָר.

און אפשר ניט, קינדער? עטל האָט געטאַנצט פון
פרייד מיט דער פּאָפּקע, האָט זי געטוליעט און געגלעט.
אינמיטן דערינען לייגט זי צו זיך אַוועק די פּאָפּקע און
קומט צו צו מיר. זי קוקט מיר אַריין גלייך אין די אויגן.
דערנאָך זאָגט זי: עפנט דאָס מויל. פאָלג איך איר.

— ניט גוט, — זאָגט זי.

מאַך איך זיך דערשראָקן.

——וואָס איז? — פרעג איך.

— קראַנק, — ענטפערט זי קורץ.

— וואָס פאַר אַ קראַנקייט?

— איר מאָזלט.

איך צעלאַך זיך.

— איר זייט קראַנק! — דערלאַנגט זי אַ געשריי — איר טאָרט ניט לאַכן.

מאַך איך זיך אומעטיק. לויפט זי אַוועק און ברענגט אַ גלאָז וואַסער און אַ האַנטוך.

— וואָס גייסטו טאָן, מיידעלע? — לויפט איר נאָך די מאַמע אירע.

— ער איז קראַנק, — ווייזט זי אויף מיר, — ער מאָזלט. די מאַמע האָט זיך צעלאַכט.

— מאַמע! — זאָגט עטל, אַז איינער איז קראַנק, טאָר מען ניט לאַכן. מען דאַרף וויינען.

נעמט זיך די מאַמע כלומרשט ווישן די אויגן און לאַכט. דערנאָך שלעפּט עטל ארויס אַ בלייפעדער פון מיין קעשענע און לייגט מיר אין מויל, מעסט די היץ. דערווייל ווייקט זי אַ ברעג האַנטוך אין וואַסער. און איר הערט, קינדער? — איך וואָלט מיר געזונטערהייט געמוזט צולייגן אַ נאַסן קאָמ־פּרעס צום קאָפּ (אַז ניט, וואָלט עטעלע אויף מיר ברוגז גע־וואָרן), ווען גראַד וואָלט זיך ניט דערהערט אַ בלאָז פון אַ שיין געל טרובעלע לעבן אונז. איר ברודער, מיין חבר, האָט עס איר, עטעלען, אַיינגעקויפט. זי איז מיט דעם באַלד אַוועקגעלאָפן צו אַ חבר׳טע. בין איך דערווייל געראַטעוועט געוואָרן פון מיין קראַנקייט.

# אַ וויגליד

אַליע, ליולע, אַליע, ליוליע —
שלאָף, מיין טייערער, און רו;
וואויל איז דעם וואָס האָט אַ מאַמע
און אַ וויגעלע דערצו.

אַלצדינג קען מען נאָך געפינען,
אַלצדינג קריגט מען נאָך פאַר געלט;
נאָר אַ מאַמע, זי איז איינע —
מער ניט איינע אויף דער וועלט.
שלאָף, מיין טייערער, מיין ליבער,
מאַך די אויגן צו און רו;
גוט איז דעם, וואָס האָט אַ מאַמע
אַליע, ליוליע, ליוליעליו.



# צוויי שוועסטערלאַך

א.



ז י י נ ע ן  געווען אַמאָל צוויי שוועסטערלאַך, צוויי שיינע, גוטע, לוסטיקע שוועסטערלאַך, וואָס האָבן זיך ליב געהאַט אַזוי ווי דאָס לעבן.

אַז דער טאַטעשי מיט דער מאַמעשי פלעגן אַוועק פאַרטאָג אין פעלד אַריין, זיינען זיי נאָך אַביסל געבליבן ליגן אין זייער בעטעלע און געהאַלזט און געקושט זיך, אַרומגעשטיפט און מיטגעזונגען מיט די פייגעלאַך פאַר זייער פענסטערל. ביז עס איז געוואָרן אַ זייגער זיבן. האָבן זיי זיך גיך אָנגעטאָן און געלאָפן זיך אַרומוואַשן ביים קלאָרן טייכעלע, וואָס איז פריילאַך געפלאָסן לעבן זייער שטיבעלע. דאַן האָט איינע אויפגעקליבן טרוקענע צווייגעלאַך און די צווייטע האָט פייער געמאַכט. און אַז זיי האָבן געהאַט פאַרטיק דאָס פרישטיק, איז איין שוועסטערל גיך געלאָפן אין פעלד אַריין אַוועקגעטראָגן עסן פאַר דעם טאַטעשי מיט דער מאַמעשי, און די צווייטע האָט זיך גענומען מיט געזאַנג אויפרוימען דאָס שטיבעלע. און אַז איר שוועסטערל איז צוריקגעקומען פון פעלד, האָט שוין דאָס שטיבעלע געשפיגלט פון ריינקייט. האָבן ביידע שוועסטערלאַך שטאַרק געקוואָלן, וואָס זייער קליין שטיבעלע זעט אויס שיין. האָבן זיי זיך צע-

לאַכט און צעזונגען פאַר פרייד, און די פייגעלאַך פאַרן פענ־
סטערל האָבן מיטגעזונגען, און די גאָלדענע זון האָט ליכטיק
אַריינגעקוקט אין שטיבעלע, צוגעזען, ווי די צוויי געטרייע
שוועסטערלאַך קושן און האַלזן זיך.

אַזוי האָבן די שוועסטערלאַך זיך גאַנצע טעג געפרייט
צוזאַמען, סיי בייטאָג און סיי ביינאַכט.

ב.

איז איינמאָל, אין מיטן זומער, געקומען צופאָרן אין
דאָרף אַריין אַ רייכע פרוי מיט אירם אַ קליין זונעלע — אַ
אינגעלע מיט גרויסע בלויע אויגן און שיינע, בלאָנדע לאָ־
קעלאַך. געקומען איז די רייכע פרוי דאָרט אויף זומער־
וואוינונג. האָבן זיי אָפּגעדונגען אַ צימער ביי אַ פּויער, פּונקט
קעגנאיבער דעם שטיבעלע, וואו די צוויי שוועסטערלאַך
האָבן געוואוינט. און אויף צומאָרגנס איז דאָס אינגעלע שוין
היימיש געווען אויפן פרעמדן אָרט: געשפּילט זיך אין דרויסן,
אין דער גאָלדענער זון, און געריטן אויף זיין לעדערן פערדל
און געשמיסן עם מיט זיין קנאַקעדיק בייטשעלע, רופנדיק:
וויאָ־וויאָ! און געלאַכט מיט זיין קלינגענדיק קעלעכל.

זיינען די צוויי שוועסטערלאַך אַרוים פון זייער שטי־
בעלע. זיינען זיי געשטאַנען אויף דער שוועל און געקוקט
אויף דעם שיינעם לוסטיקן אינגעלע אין די ווייסע הייזע־
לאַך און ברוינע באָסאַקלאַך. דאָס ערשטע מאָל האָבן זיי איצט
געזען אַ גאָלדן אינגעלע. זיי זיינען אַלץ צוגעוואוינט געווען
צו זען די באָרוויסע, פּויערשע קינדער.

ג.

זיינען זיי אַראָפּ פון דער שוועל און שטילערהייט זיך צוגעגאַנגען צום אינגעלע. און אַז ער האָט זיי דערזען, איז ער אַנטשוויגן געוואָרן און האָט אויפגעהערט צו שמייסן זיין פערדעלע.

האָבן זיך די קינדער אַ ווײַלע אָנגעקוקט פאַרשעמט.

— קומט, מיידעלאַך. מירן זיך שפּילן צוזאַמען, — האָט דער ערשטער ארויסגערעדט דאָס אינגעלע, — נאָט אייך דאָס בייטשעלע, איר ווילט? אָדער אפשר די פּילקע?... באַלד וועט איר זען, ווי הויך איך וואַרף!...

די שוועסטערלאַך איז געפעלן צו שפּילן זיך טאַקע אין פּילקע. זיי האָבן נאָך קיין פּילקע קיינמאָל נישט געהאַלטן אין דער האַנט. האָבן די דריי שיינע קינדער מיט פאַרפלאַמטע בעקעלאַך זיך געשפּילט צוזאַמען, געוואָרפן איינס צום אַנדערן די גרויסע, ווייכע פּילקע און געלאַכט. ביז די צוויי שוועסטערלאַך האָבן זיך אַ כאַפּ געטאָן, אַז זיי האָבן נאָך דאָס שטיבעלע נישט אויפגעראַמט און דאָס מיטאָג נישט פאַרטיק.

ד.

האָבן די צוויי שוועסטערלאַך דאָס ערשטע מאָל אין זייער לעבן גענומען זיך דינגען:

— גיי דו אַריין אויפרוימען. מעגסט אַמאָל אַליין אויפרוימען די שטוב, — האָט געזאָגט דאָס עלטערע מיידעלע און נישט אַראָפּגעלאָזט די אויגן פונם אינגעלע.

— איך וויל נישט, גיי דו, איך האָב נישט קיין כוח, — האָט זיך געברוגזט דאָס אינגערע שוועסטערל און נישט אָפּ־געטרעטן פונם אינגעלע.

— גיי, זאָג איך דיר! — האָט געשריגן דאָס עלטערע שוועסטערל.

— וויל איך נישט, גיי דו! — איז איר געשפּרונגען אין די אויגן אַריין דאָס אינגערע שוועסטערל.

דאָ האָט איר די עלטערע גענומען רייסן פאַר די האָר און די אינגערע איר דראַפּען איבערן פּנים. אָבער דאָס על־טערע שוועסטערל איז שטאַרקער געווען, איז די אינגערע אַנטלאָפן אַ פאַרשעמטע מיט אַ געוויין. אָבער זי איז נישט אַריין אין שטוב, נאָר אַראָפּגעלאָפן צום טייכעלע.

## ה.

איז זי געשטאַנען ביים קלאָרן זילבערנעם טייכעלע און ביטער געוויינט.

דאָ איז צוגעשוואומען צום ברעג אַ גאָלדן פישעלע און געקוקט אויף איר מיט אייגעלאַך פול רחמנות.

— מיידעלע, מיידעלע! וואָס וויינסטו אַזוי? ווער האָט דיר שלעכטס געטאָן? — האָט זי דערהערט, ווי דאָס פי־שעלע רעדט צו איר אַזוי ווי אַ מענטש, — איך בין דאָס פי־שעלע, וועמען דו פלעגסט צוואוואַרפן ברעקעלאַך ברויט יעדן טאָג, ווען דו האָסט זיך דאָ געשפּילט ביים טייכעלע. זאָג, ווער האָט דיר שלעכטס געטאָן, וועל איך יענעם באַצאָלן.

— מיין שוועסטערל! — האָט דאָס מיידעלע זיך שטאַרק צעוויינט, — זי האָט מיך פאַרטריבן פון דעם אינגעלע און אַליין שפּילט זי זיך מיט אים...

— שאַ... איך וועל זיך נוקם זיין דערפאַר אָן איר, — האָט גערעדט צו איר דאָס פישעלע, — דו וועסט זיך שוין מיט דעם אינגעלע אַליין שפּילן.

## ו.

און דאָס פישעלע האָט אַ פּליעסק געטאָן מיטן גאָלדענעם וויידעלע און פאַרשוואונדן טיף אין וואַסער. אָבער דאָ האָט



איר אָנגעכאַפּט אַזאַ שרעק פאַר דער נקמה פונם פישעלע אָן איר שוועסטער . . . און זי האָט מורא געקראָגן דערפאַר פאַרן טאַטעשי מיט דער מאַמעשי.

איז זי אַריינגעלאָפן דאָס שטיבעלע אויפרוימען און באַשלאָסן, אַז זי מוז זען ראַטעווען איר שוועסטערל פונם פישעלעס נקמה . . . פאַרט איז עס איר שוועסטערל! און זי האָט זיך ווידער צעוויינט, אָבער איצט שוין פאַר רחמנות אויף איר שוועסטערל.

ז.

און אַז דאָס עלטערע מיידעלע איז צומאָרגנס אין דערפרי געגאַנגען באָדן זיך אין טייכעלע, איז אויפגעשפּרונגען דאָס אינגערע שוועסטערל און איר פאַרשטעלט דעם וועג.

— גיי נישט! דאָס פישעלע וויל דיר שלעכטס טאָן! זע, גיי נישט! — האָט זי זיך ביי איר געבעטן.

אָבער דאָס עלטערע שוועסטערל האָט זי נישט געוואָלט פאָלגן און איז זיך דוקא געגאַנגען באָדן.

דאָ איז דאָס דערשראָקענע אינגערע שוועסטערל שטילערהייט איר נאָכגעגאַנגען און באַהאַלטן זיך ביים ברעג, לעבן דעם אָרט וואו זי האָט זיך געבאָדן.

פּלוצלונג איז גיך צו איר צוגעשוואומען דאָס גאָלדענע פישעלע, אַ שפּרונג געטאָן אין דער הייך, איינגעפלאָנטערט זיך מיט די ציינדלאַך אין אירע לאַנגע, שיינע האָר און גענומען זי ציען אין וואַסער אַריין. אָט נאָך איין מינוט — און

זי וואָלט דערטרונקען געוואָרן! אָבער דאָ איז גיך אויפגע־שפּרונגען מיט אַ שרעקלאַך געשריי דאָס אינגערע שוועס־טערל:

— פישעלע! פישעלע! זיי נישט קיין מערדער! האָב רחמנות, דערטרינק נישט מיין איינציק שוועסטערל! דער טאַטעשי מיט דער מאַמעשי וועלן וויינען און איך וועל אויך וויינען, ווייל איך האָב מיין שוועסטערל ליב!

האָט דאָס גאָלדענע פישעלע גלייך אָפּגעלאָזט דער שוועס־טערס האָר.

און די צוויי שוועסטערלאַך האָבן זיך אַרומגעכאַפּט און זיך לאַנג היים געקושט און געדריקט זיך צו די הערצלאַך און צוגעשוואוירן זיך, ווייטער זיך אַזוי ליב צו האָבן, ווי ביז איצט, און פאַר קיין שום זאַך אין דער וועלט זיך מער נישט צעקריגן.



# סענדער נאַר.



עהאַט האָט סענדער אַ סך פעלדער און אַ גרויסן וואַלד; זיינען אָבער די ברייטע פעלדער פאַרוואָקסן געוואָרן מיט דערנער און מיט ווילדע קרייטאַכצער, ווייל מען האָט זיי קיינמאָל ניט באַאַקערט און קיינמאָל ניט פאַרזייט.

און אַלט און טרוקן איז אויך דער וואַלד געוואָרן, ווייל קיינמאָל איז דאָרטן קיין דאַרער בוים ניט אויסגעהאַקט געוואָרן און קיין יונגער ניט פאַרפלאַנצט געוואָרן.

האָבן זיך פאַרשעמט און פאַר׳דאגה׳ט געצויגן די פאַרלאָזענע פעלדער ביזן אַלטן וואַלד אַריין, און געקרעכצט האָט די האַרטע ערד :—פויל איז אונזער סענדער. און הייזעריק האָט געכריפּעט דער אַלטער וואַלד :

— אַ נאַר איז אונזער סענדער.

יאָ, פויל, נאַריש און אָרים איז געווען סענדער. אויף זיינע פעלדער איז קיין תבואה ניט געוואקסן, אין זיין שייער האָט קיין קאָרן זיך ניט געדראָשן, און אין זיין אויוון האָט זיך קיין ברויט ניט געבאַקן.

איז סענדער טאַקע אַלעמאָל געווען הונגעריק.

איין שטיקל גליַק האָט סענדער געהאַט, און דאָס איז געווען זיין אַלטע ציג, וואָס האָט זיך פון צייט צו צייט

געלאָזט מעלקן און מיט דעם ביסל מילך האָט זיך סענדער זיין נשמה דערהאַלטן. אָבער טאַקע ווי מען זאָגט: נאָר די שמה דערהאַלטן, ווייל סענדער איז געווען אַ גרויסער יונג און האָט געדאַרפט פיל עסן.

עס האָבן זיך געבעטן די פעלדער: סענדער, סענדער, ריים אוים די ווילדע וואָרצלען פון אונזער ברוסט און לייג אַהין קערנדלאַך אַריין, וועלן מיר זיי וואַרימען, וועלן מיר זיי זאַפט געבן, וועסטו געשמאַק ברויט און חלה האָבן. —

און עס האָט זיך געבעטן דער וואַלד: סענדער, סענ־דער, זיי ניט פויל, האַק אוים מיינע דאַרע ביימער, צעגראָב די ערד אַרום די יונגע וואָרצלען, וועסטו זיסע פרוכטן האָבן, וועסטו פראַכטפולע בלומען שמעקן.

אָבער פאַרשטאָפּט זיינען געווען סענדערם אויערן. ניט פאַרשטאַנען האָט דער נאַרישער סענדער דאָס געבעט פון פעלד און וואַלד, און מיט פאַרלייגטע הענט איז ער גע־זעסן און געטראַכט, וואו ער קאָן קריגן אַלע גוטע זאַכן און דערויף ניט דאַרפן אַרבעטן.

און סענדער האָט געטראַכט און געטראַכט און געפאַלן אויף אַ פּלאַן:

אויב, — האָט זיך סענדער געטראַכט, — מען מעלקט אַ ציג גיט זי מילך, טאָ פאַרוואָס זאָל מען ניט קענען מעלקן די באַקדייזשע און קריגן ברויט? און אויב מען מעלקט אַ באַקדייזשע גיט זי ברויט, טאָ פאַרוואָס זאָל מען ניט קענען מעלקן אַ בינשטאָק און קריגן האָניק? און אויב מען מעלקט

אַ בינשטאָק קריגט מען האָניק, טאָ פאַרוואָס זאָל מען ניט קענען מעלקן אַ קופּערנעם טאָפּ און קריגן שמאַלץ?

סענדערן איז געוואָרן ליכטיק אין די אויגן פון אַזאַ טייערן פּלאַן, און פאַר פרייד האָט ער זיך אַזש צעטאַנצט.

און טאַקע גלייך האָט זיך סענדער גענומען צו דער אַרבעט. ער איז אַוועק צו אַ באָנדער און האָט זיך געקויפט אַ שפּאָגל נייע באַקדייזשע, און אַזוי ווי ער האָט ניט געהאַט קיין געלט, מיט וואָס צו באַצאָלן, האָט סענדער פאַר דער באַקדייזשע אָפּגעגעבן אַ העלפט פון זיינע פעלדער. דערנאָך איז ער אַוועק צו אַ סטאָליער, און האָט זיך געקויפט אַ בינשטאָק און האָט אים אַוועקגעגעבן די איבעריקע פעלדער, און צום סוף איז ער אַוועק צום קופּערשמיד און האָט זיך געקויפט אַ קופּערנעם טאָפּ און דערפאַר אַוועקגעגעבן זיין וואַלד.

אַ פרייליכער איז סענדער געקומען אַהיים און צעשטעלט זיינע נייע כלים און זיך גענומען צום מעלקן.

אַזוי ווי ער איז געוועזן הונגעריק, האָט ער פריער פאַר אַלץ געוואָלט האָבן ברויט. מיט חשק האָט זיך סענדער גענומען מעלקן די באַקדייזשע, אָבער ער מעלקט און מעלקט און קיין ברויט קומט ניט אַרויס.

און אַז סענדער האָט געמאָלקן דעם קופּערנעם טאָפּ און ניט געקראָגן קיין שמאַלץ, האָט ער זיך שוין ערנסט פאַרטראַכט. טראַכטנדיק אַזוי, האָט זיך סענדער דערמאָנט,

אַז אַמאָל, ווען די ציג איז נאָך געווען זייער יונג, האָט זי זיך אויך ניט געמאָלקן.

אויב אַזוי, ווייס שוין סענדער פּאַרוואָס זיינע כּלים מעלקן זיך ניט. עס איז בלויז דערפֿאַר, וואָס זיי זיינען נאָך יונג. ער האָט דאָך זיי ערשט היינט אַליין געקויפט. האָט סענדער באַשלאָסן צו וואַרטן, ביז זיינע כּלים וועלן עלטער ווערן און דאַמאָלסט וועט זיך פאַר אים אָנהייבן אַ זאַט לעבן.

פאַרלאָזן האָט דער באַנדער זיין באַנדאַרניע, און פאַר־לאָזן האָט דער סטאָליער זיין וואַרשטאַט, און אויך דער קופּער־שמיד האָט זיין מלאכה געוואָרפן, און אַלע דריי האָבן זיך פלייסיק גענומען באַאַרבעטן סענדערס פעלדער און וועלדער.

און איצט ציען זיך פולזאַנגיקע פעלדער ביזן פרישן אויפגעלעבטן וואַלד אַריין. פעלד און וואַלד בענטשן און לויבן די פלייסיקע הענט, וואָס האָבן דערנער און שטיינער פון זיי אַראָפּגעגלעטט.

און סענדער?

סענדער דער פוילער זיצט זיך נאָך אַליין און וואַרט, ביז זיין באַקדייזשע און זיין בינשטאָק מיט זיין קופּערנעם טאָפּ וועלן זיך אָנהייבן מעלקן.

# שייקעלע-פייקעלע



שייקעלע-פייקעלע
שמ'ט אין דער גאַס:
אַ אינגל — אַ מזיק,
אַ פייער — אַ שפּאַס!
אַלץ קאָן ער — אַלץ ווייס ער,
ס'איז גאָרנישט אים שווער;

דערלאַנגט אים נאָר ברעטלאַך
מיט טשוועקעס אַהער:
באַלד מאַכט ער אַ שיפל
און לאָזט זיך העט-העט,
דורך טייכן, דורך ים'ען,
דורך לענדער און שטעט.
און זאָל ער נאָר פעדערן
האָבן אַ סך —
באַלד מאַכט ער זיך פליגלען
און פליט ביזן דאַך.
שייקעלע-פּייקעלע!
ער מאַכט נאָך דאָס זשומען
פון בין און פון פליג;
ער קרייט ווי אַ הענדל
און שפרינגט ווי אַ ציג.
ער בילט ווי אַ הינטל,
און וויינט ווי אַ קינד.
ער ברומט און ער וואָיעט
אַזוי ווי דער ווינט.
ער מעקעט און בעקעט
און קלאַפּט אין אַ טאַץ;
מיאַוקעט און יאָמערט

אַזוי ווי אַ קאַץ.
ער מאַכט נאָך ווי פייגעלאַך
עסן: פּיק־פּיק!
ער רייט אויף אַ בעזים
און גייט אויף אַ שטריק.
ער גלאָצט, ווי אַ גזלן
די אויגן — אַ שרעק!
דאַן ווייזט ער דאָס צינגל
און שפּרינגט זיך אַוועק.



## אַ מעשה מיט דריי ציגעלאַך



מאָל איז געווען אַן אַלטע ציג. האָט זי געהאַט דריי ציגעלאַך. האָבן זיי זיך אַוועקגעלאָזט איבער דער וועלט גליק צו זוכן.

דאָס ערשטע ציגעלע האָט באַגעגנט אַ מענטשן מיט אַ בינטל שטרוי און געזאָגט צו אים:

— גוטער מענטש, גיב מיר די שטרוי, וועל איך מיר אויפבויען אַ הייזעלע.

האָט דער מענטש אים אָפּגעגעבן די שטרוי, און דאָס קליינע ציגעלע האָט זיך אויסגעבויט אַ הייזעלע.

ווי נאָר דאָס ציגעלע האָט אויסגעבויט דאָס הייזעלע קומט דער וואָלף צוגיין, קלאַפּט אין טיר און שרייט:

— ציגעלע, ציגעלע, לאָז מיך אַריין!

— ניין, כ'שווער ביי מיין ציגנבערדל, אַז ניין!

— אויב ניט, וועל איך נעמען בלאָזן, וועל איך דיין גאַנץ הייזל איבערקערן.

און ער האָט גענומען אַזוי בלאָזן, אַז דאָס הייזל האָט זיך איבערגעקערט און ער האָט אויפגעפרעסן דאָס ציגעלע.

דאָס צווייטע ציגעלע האָט באַגעגנט אַ מענטשן מיט אַ בינטל צווייגן.

— גוטער מענטש, גיב מיר דאָס בינטל צווייגן, וועל איך מיר אויפבויען אַ הייזעלע.

האָט דער מענטש אים אָפּגעגעבן דאָס בינטל צווייגן און דאָס ציגעלע האָט זיך אויסגעבויט אַ הייזעלע.

ווי נאָר דאָס ציגעלע האָט אויסגעבויט דאָס הייזעלע, קומט דער וואָלף ווידער צוגיין און זאָגט:

— ציגעלע, ציגעלע, לאָז מיך אַריין!

— ניין, כ'שווער ביי מיין ציגנבערדל, אַז ניין!

— אויב ניט, וועל איך נעמען בלאָזן, וועל דיין גאַנץ הייזל איבערקערן.

און ער האָט גענומען אַזוי בלאָזן, אַז דאָס הייזל האָט זיך איבערגעקערט און ער האָט אויפגעפרעסן דאָס צווייטע ציגעלע.

דאָס דריטע ציגעלע האָט באַגעגנט אַ מענטשן מיט אַ וואָגן ציגל.

— גוטער מענטש, גיב מיר די ציגל, וועל איך מיר אויסבויען אַ הייזעלע.

האָט דער מענטש אים אָפּגעגעבן די ציגל, און דאָס ציגעלע האָט זיך אויסגעבויט אַ שטאַרק הויז.

קומט דער וואָלף צוגיין נאָכאַמאָל און זאָגט:

— ציגעלע, ציגעלע, לאָז מיך אריין!

— ניין, כ׳שווער ביי מיין ציגנבערדל, אַז ניין!

— אויב אַזוי וועל איך נעמען בלאָזן, וועל דאָס גאַנצע הויז דיינס איבערקערן.

און ער האָט גענומען בלאָזן און בלאָזן, שנאָרכן און פאָרכן, אָבער איבערקערן דאָס הויז האָט ער נישט געקאָנט.

געזען, אַז ער קאָן גאָרנישט מאַכן מיט זיין בלאָזן, האָט דער וואָלף געזאָגט צום ציגעלע:

— קליין ציגעלע, איך ווייס אַ פעלד, וואו ס׳וואַקסן אַ סך מערן.

— וואו? — פרעגט דאָס ציגעלע.

— אָט דאָרט, ביים שמיד אויפן פעלד. אויב דו וועסט מאָרגן אויפשטיין פרי, וועלן מיר גיין צוזאַמען אַהין און וועלן זיך אָנקלייבן מערן אויף מיטאָג.

— גוט, — זאָגט דאָס ציגעלע, — ווען־זשע זאָל איך אויפשטיין?

— זעקס אַזייגער.

דאָס ציגעלע אָבער איז אויפגעשטאַנען פריער און איז אוועקגעלאָפן אין פעלד און געבראַכט די מערן.

זעקס אַ זייגער קומט דער וואָלף.

— וואָס הערט זיך, ציגעלע, ביסט שוין גרייט?

— גרייט? — האָט דאָס ציגעלע געענטפערט, — איך בין שוין לאַנג געקומען פון פעלד מיט אַ פולן פאַרטוך מערן.

איז דער וואָלף אַריין אין כעס: וואַרט, איכ'ל דיר באַצאָלן! דערנאָך מאַכט ער צום ציגעלע:

— קליין ציגעלע, איך ווייס אַן אָרט, וואו ס'וואַקסט אַ בוים מיט עפּל.

וואו? — זאָגט דאָס ציגעלע.

— אַט דאָרט, ביים מילנער אין גאָרטן. אויב דו וועסט האַלטן וואָרט, וועל איך אַריינקומען מאָרגן פינף אַזייגער נאָך דיר, וועלן מיר גיין נאָך עפּל.

אויף מאָרגן איז דאָס ציגעלע אויפגעשטאַנען פיר אַזייגער און איז אַוועק נאָך די עפּל. געוואָלט זיך אומקערן נאָך איידער דער וואָלף וועט קומען. עס האָט אָבער לאַנג געדויערט ביז עס איז אַרויפגעקראָכן אויפן בוים, און אַז עס האָט שוין געהאַלטן ביים אַראָפּקריכן, איז אָנגעקומען דער וואָלף.

— אַזוי? — האָט דער וואָלף געזאָגט, — דו ביסט געקומען פאַר מיר? נו, עפּעס גוטע עפּל?

— יאָ, — זאָגט דאָס ציגעלע, — נאַדיר איינס!

און דאָס ציגעלע האָט אַ שליידער געטאָן אַן עפּל. דער וואָלף האָט זיך געלאָזט לויפן נאָכן עפּל און דאָס ציגעלע איז דערווייל אַראָפּגעשפּרונגען פון בוים און איז אַהיימגעלאָפן.

אויף מאָרגן קומט דער וואָלף ווידער אַמאָל צוגיין און זאָגט:

— קליין ציגעלע, היינט נאָכמיטאָג איז אַ יאַריד אין שטאָט, ווילסטו זיך דורכגיין אַהין?

— אָ, יאָ, — זאָגט דאָס ציגעלע, — וויפיל אַזייגער וועסטו גיין?

— דריי אַזייגער, — זאָגט דער וואָלף.

דאָס ציגעלע איז ווידער אַרויסגעגאַנגען פון שטוב פריער מיט אַ שעה, איז אַוועק אויפן מאַרק, געקויפט אַ פוטער-פעסל און לויפט אַהיים.

ערשט עס גיט אַ קוק דער וואָלף גייט. איז דאָס ציגעלע אַריינגעקראָכן אין פעסל און גענומען זיך קייקלען מיטן פעסל באַרג אַראָפּ אַזוי שנעל, אַז דער וואָלף האָט זיך דערשראָקן און איז ניט געגאַנגען אין מאַרק אַריין.

קומט ער שפּעטער צום ציגעלעס שטיבל און נעמט דער-ציילן, ווי אַזוי ער האָט זיך דערשראָקן פאַר עפּעס אַ גרויסער און קיילאַכדיקער זאַך, וואָס האָט זיך געקייקלט פון זיך אַליין איבערן וועג.

האָט זיך דאָס ציגעלע פונאַנדערגעלאַכט און געזאָגט:

— דאָס בין איך דאָך געלעגן אין פוטער-פעסל! האָ, דיך גוט איבערגעשראָקן?

דאָס דערהערט איז דער וואָלף געוואָרן שטאַרק אין כעס

און געגומען קריכן דורכן קוימען אין שטיבל אַריין אויפצו־
פרעסן דאָס קליינע ציגעלע.

האָט דאָס ציגעלע זיך געכאַפּט, געמאַכט אַ פייער און אונטערגעשטעלט אַ גרויס קעסל וואַסער, און ווי נאָר דער וואָלף האָט זיך אין קוימען אַראָפּגעלאָזט, האָט דאָס ציגעלע אַראָפּגעכאַפּט דאָס דעקל, און דער וואָלף איז אַריינגעפאַלן גלייך אין זודיקן וואַסער.

דאָס ציגעלע האָט שנעל צוגעדעקט דאָס קעסל מיטן דעקל, דער וואָלף האָט זיך אָפּגעקאָכט, דאָס ציגעלע האָט אַ פיינעם מיטאָג געגעסן און אָן דעם וואָלף אין גאַנצן פאַרגעסן.



# די באָרוועסע שפּענער

## א.



יר וויסט די מעשה מיט די באָרוועסע שפּענער? איך ווייס.

געווען איז אַ מיידעלע. איר טאַטן האָט מען צוגענומען אין סאָלדאַטן; די מאַמע איז אַוועק דינען. איין שטיקל ברויט האָט זי געהאַט. האָט זי געגעסן מיטן ברודערל צו קליינע שטיקעלאַך. געגעסן, געגעסן. איינמאָל אויפדער־נאַכט, האָבן זיי דאָס לעצטע שטיקעלע אויפגעגעסן.

גייט ארויס דאָס מיידעלע אין דערפרי פאַרן הויף און זעט מיידלאַך באָרוועסע אין אַ שרענגע:

— וואו גייט איר עס, מיידלאַך, אַזוי פרי?
— אין וואַלד אַריין גייען מיר, שפּענער קלייבן.
— וואָס וועט איר טאָן מיט די שפּענער?
— מירן בייטן אין שטאָט אויף ברויט.
— טאָ נעמט מיך אויך! — זאָגט דאָס מיידעלע.
— קום.

## ב.

קומען זיי אין וואַלד און הייבן אָן שפּענער קלייבן. ערשט, פון וואַנען פון וואָס קומט אָן דער פריץ מיט די בייזע הינט און רופט זיך אָן:

— ווער האָט אייך געזאָגט, אַז מע מעג דאָ שפּענער קלייבן? איר האָט דאָ אָנגעגרייט?

רופן זיך אָן די הינט, די בייזע:

— דער וואַלד געהער אונזער גרויסן פּריץ! די שפּענער געהערן אונזער גרויסן פּריץ! אייער פּוס זאָל זיך אַהער ניט ווייזן! אַז ניט וועלן מיר אייך צעבייסן, אויף שטיקלאַך צע־רייסן!

העלפט ניט. האָבן געמוזט די מיידלאַך אַראָפּלאָזן די בינטלאַך פון די פּלייצעס און דער פּריץ וויל נאָך די שטריק ביי זיי צונעמען.

שטייט דער אַלטער בוים ביי דער זייט — דער עלטסטער



פון אַלע ביימער. קאָן ער דאָס ניט ליידן און רופט זיך אָן צום פריץ:

— דו אַזוינער און אַזוינער, וואָס טרייבסטו מיט דיינע בייזע הינט די קינדערלאַך פון וואַלד? — דער וואַלד איז ניט דיינער און די שפּענער זיינען ניט דיינע!

— איך פרעג ביי איך קיין דעות ניט! — זאָגט דער פריץ, און גייט אַוועק מיט די הינט צו זיך אַהיים.

ג.

געוואָרן צווישן די ביימער אַ זשום: — וואָס הייסט, ער פרעגט ביי אונז קיין דעות ניט?

— ווער איז ער עס אַזוינער?

— דער וואַלד איז אַלט!

— דער וואַלד איז גרויס!

— וויפיל זיינען מיר דאָ ברידער? — פרעגן די ביימער.

— טויזנט טויזנטער! — ענטפערט דער וואַלד.

— וויפיל יונגע זיינען ביי אונז דאָ?

— ווי זאַמד אין ערד! — ענטפערט דער וואַלד.

— איז ווער אײנער אַזוינער וועט דאָס איבער אונז געוועלטיקן?

האָט גערוישט דער וואַלד אַ גאַנצע נאַכט און אַ ברום געטאָן אינדערפרי:

— ווער וועט גיין מיטן פריץ זיך אָפּרעכענען?

— מיר וועלן גיין! — שטייען אויף די שפּענער.

ד.

איז נאָך בלוי געווען אין גאַס, האָבן די שפּענער אין פּאָס־טאָלעם זיך אָנגעטאָן און אַוועק צום פּריץ.

דער פּריץ איז געזעסן און מורא געהאַט; האָט ער זיך אַרומגעצוימט מיט זיבן פּלויטן און אַריינגעבויט מיט זיבן ווענט. האָבן גענומען די שפּענער — די פּלויטן אונטערגע־צונדן, די ווענט פאַרברענט און דעם פּריץ אַרויסגעפירט און אים גענומען צום פּליאַסקען.

האָט גענומען דער פּריץ זיך בעטן:

— לאָזט מיך אָפּ, טייערע! איך וויל נאָך לעבן, וואָס איר יועט הייסן, וועל איך טאָן.

— מיר הייסן, — האָבן אויסגערופן די שפּענער, — שוין זאָלסטו ווערן אוים פּריץ!

— טאָ וואָס וועל איך ווערן? — בעט זיך דער פּריץ.

— אַ לעקיש וועסטו ווערן!

אַוועק דער פּריץ אַ לעקיש אויף אַלע יאָרן. און דער וואַלד איז פראַנק און פריי. ווער ס'וויל גייט אַהין.

זומער גייען מיר מיטן מיידעלע און מיט אַלע קינדער אַהין זיך שפּילן.

# דער האָן און די פּערל

גראַבלט זיך אַ האָן,
און טאַפּט אָן
אין שטויב אַ קערנדל אַ האַרטס.
אַ שאַר, אַ פּיק
און אַ וואָרף צוריק
מיט האַרץ.
מיטן קאָפּ אַ דריי
און מיטן טראָפּ אַ קריי, —
אומזיסט
צעשאַרט אַזוי פיל מיסט.
געמיינט — אַ קערן
צו דערנערן,
אַ האָבער, צי אַ גערשט;
ערשט —
נאַ דיר גאָר אַ פּערל!



# פראַגן



ער קליינער יאָסל, אַ רייך קינד, האָט געהאַט אַ חבר בערל, אַ סטאָליערס אַ אינגל.

איינמאָל האָט בערל געבראַכט זיין חבר יאָסל צו זיך אַהיים. האָט יאָסל געזען, אַז די גרויסע צימערן זענען ליידיק. האָט ער געפרעגט זיין חבר: „בערל, וואו איז אייער מעבל?“

האָט אים בערל געענטפערט: „מיר האָבן ניט קיין מעבל“.

יאָסל האָט זיך אַרומגעקוקט און ווידער געפרעגט: „וואו איז דאָס בעט אין וועלכן דו שלאָפסט?“

האָט אים בערל געענטפערט: „מיר האָבן ניט קיין בעטן. מיר שלאָפן אַלע אויף דער ערד“.

האָט יאָסל אַראָפּגעלאָזן די אויגן צו דער ערד און האָט זיך פאַרוואונדערט.

— פאַר וואָס איז אין דעם צימער ניטאָ קיין בריק?

— אין די אַנדערע צימערן פון אונזער הויז איז אויך ניטאָ קיין בריק.

— און וואו איז די שאַפע, וואו דו האַלסט דיינע ביכער?

— איך האַלט מיינע ביכער אין אַ זעקל. קיין ביכער־שאַפע האָבן מיר ניט.

אַז יאָסל איז אהיימגעקומען, האָט ער געטראָפן זייער דינסט אין הויף, ווי זי שטייט און וואַשט וועש.

האָט זיך יאָסל צו איר געווענדט: „זאָג מיר נאָר, שרה, ווער מאַכט מעבל?“

האָט אים שרה געענטפערט: „דער סטאָליער מאַכט מעבל“.

— פאַר וואָס זשע איז אונזער הויז פול מיט מעבל, און ביי דעם סטאָליער אין הויז איז גאָר נישטאָ?

— וואָס דאַרפסטו פרעגן וועגן דעם סטאָליער? — האָט די דינסט געענטפערט, — פרעג וועגן מיר. איך וואַש און מאַך גרייט פאַר אייך אַלעמען ריינע קליידער און איך אליין גיי אָנגעטאָן אין שמוציקע שמאַטעס.

איז דאָס ייִנגל אַוועק פון איר און באַגעגנט אין הויף די גענז, ווי זיי גייען אַרום און גאָגערן: גאָ־גאָ־גאָ!

האָט ער זיך געווענדט צו די גענז און געזאָגט: „ווייסענקע גענז, פּלאַפּלענדיקע גענז! איך האָב אייך צו פרעגן צוויי פראַגן: פאַר וואָס איז נישטאָ קיין מעבל ביי דעם סטאָליער? און פאַר וואָס גייט די דינסט, וואָס וואַשט פאַר אונז וועש, אַליין אָנגעטאָן אין צעריסענע שמאַטעס?“

האָבן די גענז אויפגעהויבן זייערע שנאָבלען צום הימל און אַזוי געזאָגט: „גאָ־גאָ־גאָ! וואָס דאַרפסטו פרעגן וועגן סטאָליער און וועגן דער דינסט, פרעג וועגן אונז. פאַרוואָס שלאָפסטו ביינאַכט אויף קישנס פול מיט ווייכע פעדערן און מיר ליגן אויף דער הוילער ערד?“

איז ער אַוועק פון די גענז און געטראָפן די קו, ווי זי שטייט און מרוקעט: מרו-מ-ר-ו!

האָט ער זיך צו איר געווענדט: „מרוקערן, מרוקערן! איך האָב דיך צו פרעגן דריי פראַגן, אפשר קענסטו מיר אויף זיי ענטפערן:

— פאַר וואָס מאַכט דער סטאָליער מעבל און זיין זון שלאָפט אויף דער פייכטער ערד?

— פאַר וואָס וואַשט שרה די דינסט וועש, און אליין גייט זי אָנגעטאָן אין שמאַטעס?

— און פאַר וואָס גיבן די גענז פעדערן פאַר דער גאַנ־צער וועלט, און אַליין שלאָפן זיי אויף דער ערד?"

האָט די קו אָנגעשטעלט אויף אים אירע אויגן און געזאָגט: „וואָס דאַרפסטו פרעגן וועגן דעם סטאָליער, וועגן דער דינסט און וועגן די פלאַפּלענדיקע גענז. פרעג בעסער אויף מיר. איך גיב אייך אַלעמען מילך און מיין קעלבל, מיין קינד, וואָס פון זיינעטוועגן מאַך איך די מילך פון דעם מאַרך פון מיינע ביינער, שטייט אַ גאַנצן טאָג פאַרשלאָסן אין אַ פינסטערער שטאַל. איך מרוקע צו אים און ער מעקעט צו מיר, און ביז איך וועל אייך ניט געבן אַ פול שעפל מילך וועט מען מיר ניט געבן מיין קינד עם אָנצוזויגן".

איז דאָס אינגל אַוועק פון איר און האָט באַגעגנט אַן אייזל, אויף וועלכן מען האָט אָנגעלאָדן די פעל פון אַ טויטער בהמה. און דאָס אייזל שטייט און רעווועט.

— היי, דו שרייער, — האָט זיך צו אים דאָס אינגל געווענדט, — פיר פראַגן האָב איך דיך צו פרעגן, אפשר

קענסטו מיר געבען אַן ענטפער אויף זיי:

— פאַר וואָס האָט דער סטאָליער, וואָס מאַכט פאַר אַלעמען מעבל, קיין בעט ניט אין הויז?

— פאַר וואָס באַקליידט אונז אַלע שרה, די דינסט, און אַליין גייט זי אָנגעטאָן אין שמאַטעס?

— פאַר וואָס ליג איך אויף ווייכע קישנס פול מיט פעדערן און די גענז ליגן אויף דער הוילער ערד?

— און פאַר וואָס שפּייזט די קו אונז אַלע מיט איר מילך און איר אייגן קעלבל איז הונגעריק?"

האָט דאָס אייזל אויפגעשטעלט זיינע אויערן און גע־זאָגט: „לאָז מיך צורו! איך בין איצט אין טרויער. מיין פרוי, די אייזלטע, האָט זיך פאַרקילט און געשטאָרבן און איך דאַרף אַוועקטראָגן איר פעל צום גאַרבער, ער זאָל פון איר מאַכן לעדער, און דער שוסטער וועט פון דער לעדער מאַכן שיך פאַר אייך. און דער וועג איז שלעכט, און איך גיי באָרוועס, טאָ ווי קען איך דיר ענטפערן אויף דיינע אַלע פראַגן?"

האָט דאָס אינגל אָפּגעלאָזן דאָס אייזל, איז אַוועק און באַגעגנט אַ שעפּס. האָט ער געזאָגט צו דער שעפּס: „שעפּסל, שעפּסל! איך וויל דיך פרעגן פינף פראַגן. אויב דו וועסט מיר אויף זיי ניט ענטפערן, וועל איך אַלעמען זאָגן אַז דו ביסט אַ נאַר!

— פאַר וואָס האָט דער סטאָליער ניט קיין מעבל?

— פאַר וואָס גייט שרה די וועשערן אָנגעטאָן אין שמוציקע קליידער?

— פאַר וואָס ליגן די גענז, וואָס גיבן פעדערן אויף קישנס, אַליין אויף דער הוילער ערד?

— פאַר וואָס איז דאָס קעלבל איינגעשפּאַרט אין שטאַל און מיר טרינקען זיין מאַמעס מילך?

— פאַר וואָס גייען די אייזלען באָרוועס און פאַרקילן זיך און שטאַרבן, און פון זייער פעל מאַכט מען פאַר אונז שטיוול און שיך?"

האָט אים די שעפּס אַזוי געענטפערט:

— איך בעט דיך, לאָז מיך אָפּ! מיר איז זייער קאַלט! צי דען זעסטו ניט, אַז איך בין אַן אָפּגעשוירענער? מען האָט ביי מיר אַראָפּגענומען מיין וואָל צו מאַכען דיר אַן אָנצוג, און איך שטיי נאַקעט און ציטער פון קעלט; קומסטו מיך נאָך אויפרעגן מיט דיינע פראגן.

דאָס אינגל איז אַוועק פון דער שעפּס צו זיין מאַמען, און צו איר געזאָגט:

— מאַמע, איך וועל דיך פרעגן זעקס פראַגן און דו וועסט מיר געוויס ענטפערן אויף זיי. אַ מאַמע איז דאָך די קליגסטע זאַך אין דער וועלט.

— פרעג, מיין קינד, — האָט די מאַמע געענטפערט.

האָט ער געפרעגט:

— ווער מאַכט מעבל?

— דער סטאָליער.

— פאַרוואָס־זשע האָט דער סטאָליער ניט קיין מעבל ביי זיך אין הויז?

— נו, דאָס איז איין פראַגע. און וואָס נאָך ווילסטו פרעגן?

— ווער וואַשט פאַר אונז וועש?

— שרה, די דינסט.

— טאָ פאַרוואָס גייט זי אין צעריסענע, שמוציקע קליידער?

— פאַרוואָס ליגן מיר אויף ווייסע קישנס און די גענז ליגן אויף דער ערד?

פאַר וואָס טרינקען מיר דער קוס מילך און איר קעלבל שטייט אַ גאַנצן טאָג איינגעשפאַרט אין שטאַל?

— פאַרוואָס גייען די אייזלען באָרוועס און פאַרקילן זיך, און פון זייער פעל מאַכט מען פאַר אונז שיך?

— און פאַרוואָס גייט דער שעפּס ארום נאַקעט און פון זיין וואָל האָט מען מיר געמאַכט אַן אָנצוג?

די מוטער האָט אויסגעהערט די פראַגן, האָט אָפּגע־זיפצט און געשוויגן.

האָט דאָס אינגל געזען, אַז די מאַמע וועט אים זיינע פראַגן ניט פאַרענטפערן, האָט ער אויך אָפּגעזיפצט און פון איר אַוועקגעגאַנגען. נאָכדעם האָט ער אַרויסגענומען זיין ביכעלע פון קעשענע און האָט דאָרט פאַרשריבן זיינע פראַגן.

„אַז איך וועל אויסוואַקסן וועל איך מיר אַליין געפינען די ענטפערס אויף די פראַגן!"

דערמיט האָט זיך דאָס אינגל געטרייסט און זיך די זאַך גוט אין זינען אריינגענומען.

# אַז איך וועל פאָרן

אײדער מיר זײַנען געפאָרן
איבער ים׳ען אויף אַ שיף,
האָבן מיר געוואוינט אין שטעטל,
וואו עס איז די בלאָטע טיף.

פלעגט דער זײדע דאַרפן פאָרן,
איבער דערפער זײער ווײט —
פלעגט זײַן ווײסן פערדל שפּאַנען,
און געלאָפן איז די צײַט.

אַז דער טאַטע דאַרף איצט פאָרן,
שפּאַנט ער אײַן אַ זײל מיט רויך;
און אַז איך וועל דאַרפן פאָרן —
וועל איך פליען אין דער הייך...



# אַנדערס ניי היטעלע

## א.



מאָל איז געווען אַ קליין אינגעלע, אַנדערס האָט מען אים גערופֿן. האָט ער געהאַט אַ ניי היטעלע. ביי קיינעם איז ניט געווען אַזאַ היטעלע, וואָס זאָל זיין שענער. דאָס היטעלע האָט דאָך אויסגעאַרבעט זיין מאַמע מיט אירע אייגענע הענט, און ווער קאָן עס מאַכן בעסער פֿאַר דער מאַמען?

געווען איז דאָס היטעלע אינגאַנצן אַ רויטס, נאָר דאָס דעניקל איז געווען אַ גרינס: ניט געהאַט מער קיין רויטע וואָל. און דאָס קוטאַסל איז געווען אַ בלויס.

די ברידערלאַך און שוועסטערלאַך זיינען נאָכגעלאָפֿן אַנדערסן און אָנגעקוואָלן פֿון זיין היטעלע. אַנדערסן האָט דאָס אָבער גאָרניט גערירט. ער האָט אַריינגעלייגט די הענט אין די קעשענעס און איז זיך אַוועק אויפֿן שפּאַציר, און פֿון גאַנצן האַרצן באַדויערט יעדערן, וואָס האָט ניט פֿאַרמאָגט אַזאַ היטעלע.

ב.

דער ערשטער, ווען ער האָט באַגעגנט, איז געווען אַן אַרבעטער. דער אַרבעטער האָט זיך אַזוי נידעריק פאַרנויגט פאַר אַנדערסן, אַז ער האָט זיך שיר האַלז און נאַקן ניט געבראָכן. נאָר אַנדערס איז שנעל דורכגעלאָפן פאַרביי אים. אַביסל ווייטער האָט ער אָנגעיאָגט דעם שוסטערס זון, לאַכסן. לאַכס איז שוין געווען אַ היפּשער יונג און האָט שוין געטראָגן הויכע שטיוול און געהאַלטן אַ טאַשנמעסערל אין קאַלעווע. ער האָט פּשוט ניט געקענט אַראָפּנעמען קיין אויג פון היטעלע.

— הער נאָר, לאָמיר זיך בייטן! — האָט ער געזאָגט. — איך וועל דיר געבן מיין טאַשנמעסערל און דו גיב מיר דיין היטעלע.

ביי לאַכסן איז געווען אַ זעלטן מעסערל. אַנדערס האָט געוואוסט, אַז ווער עס האָט אַ טאַשנמעסערל, הייסט שוין כמעט אַ גרויסער. דאָך קומט עס ניט צום היטעלע, וואָס די מאַמע האָט אויסגעאַרבעט.

— ניין, איך וויל ניט, — האָט אַנדערס געענטפערט, — האָט אַ נייג געטאָן מיטן קאָפּ, זיך אָפּגעזעגנט און איז זיך אַוועקגעגאַנגען ווייטער.

ג.

באַלד נאָך דעם האָט אַנדערס באַגעגנט אַ שוואַכע אַלטע פרוי, און זי האָט נידעריק זיך אַ בויג געטאָן, אַז איר

קלייד האָט זיך אָנגעבלאָזן, ווי אַ פּענכער. זי האָט געזאָגט אַנדרעסן, אַז דאָס היטעלע פּאַסט אים אַזוי, כאָטש נעם גיי צום קייסער אויפן באַל.

— און פאַרוואָס טאַקע ניט? — האָט אַנדערס אַ טראַכט געטאָן, — אויב איך בין יאָ אַזוי שיין, פאַרוואָס זאָל איך טאַקע ניט צוגיין צום קייסער?

און ער איז אַוועק צום קייסערס פּאַלאַץ. פאַרן פּאַלאַץ זיינען געשטאַנען צוויי גרענאַדירן אין בלאַנקענדיקע קאַס־קעס און מיט ביקסן אין די הענט. אַז אַנדערס איז צו זיי צו־געקומען, האָבן זיי אויסגעצויגן די ביקסן און אָנגעשטעלט אויף אים.

— האַלט! ווער גייט? — האָט איין גרענאַדיר אַ גע־שריי געטאָן.

— דאָס בין איך, — האָט אַנדערס געענטפערט, — איך גיי צום קייסער אויפן באַל.

— מע טאָר ניט, — האָט דער צווייטער גרענאַדיר אַ זאָג געטאָן און געמאַכט אַ שריט אַפריער, — אַהער לאָזט מען אַריין נאָר מענטשן אין מונדירן.

גראָד אין דער מינוט איז די פּרינצעסין אַרומגעשפּרונגען איבערן הויף, אָנגעטאָן אין אַ וויים זיידן קליידל מיט אַ בלויער באַנד. דערזען אַנדערסן לעבן די גרענאַדירן איז זי צו צו זיי.

— אַך, — האָט זי געזאָגט, — ער טראָגט אויפן קאָפּ אַזאַ שיין היטעלע, און דאָס איז אַלציינס, ווי אַ מונדיר.

ד.

און זי האָט גענומען אַנדערסן פאַר דער האַנט און זיך געלאָזט גיין מיט אים איבער די ברייטע מאַרמאָר־טרעפּ. לענג אויס זיינען געשטאַנען דאַמען און קאַוואַלערן אויסגעפּוצט אין זייד און סאַמעט, און האָבן זיך נידעריק געבוקט פאַר זיי. זיי האָבן געזען דאָס היטעלע אויף אַנדערסן, און האָבן גע־רעכנט, עס דאַרף געווים זיין אַ פּרינץ.

אין סאַמע עק פונם גרויסן זאַל איז געשטאַנען אַ טיש מיט אַ סך גאָלדענע בעכערס און אויף גרויסע זילבערנע טאַצן זיינען געלעגן גאַנצע בערג לעקאַך און טאָרט. די פּרינצעסין האָט זיך אַוועקגעזעצט אויף אַ שטול אונטער אַ בלויער חופּה, און האָט אויך אַנדערסן געבעטן זיך זעצן אויף דער צווייטער גאָלדענער שטול.

— איידער דו וועסט זיך אָבער נעמען צום עסן, מוזטו אויסטאָן דאָס היטעלע, — האָט די פּרינצעסין געזאָגט, און עס געוואָלט ביי אים אַראָפּנעמען פון קאָפּ.

— אָ, איך ווייס, ווי אַזוי מען דאַרף זיצן ביים טיש, — האָט אַנדערס געענטפערט און שטאַרק צוגעהאַלטן דאָס הי־טעלע מיט ביידע הענטלאַך, ווייל ווער וואָלט אים געקאָנט פאַרזיכערן, אַז ער וועט עס באַקומען צוריק אויב ער וועט עס אַוועקגעבן ?

— הער נאָר, — האָט די פּרינצעסין געזאָגט, — גיסטו מיר דיין היטעלע, גיב איך דיר אַ קוש.

די פּרינצעסין איז געווען זייער אַ שיין מיידעלע, אירס

אַ קוש איז געווען אַ פאַרגעניגן. אַנדערס אָבער וואָלט פאַר קיין שום זאַך אין דער וועלט ניט אָפּגעגעבן דאָס היטעלע, וואָס די מאַמע האָט אים געמאַכט. ער האָט אַ שאָקל געטאָן מיטן קאָפּ.

— נו, טאָ וואַרט, — האָט די פּרינצעסין געזאָגט, און האָט אים אָנגעשטאָפּט פולע קעשענעס מיט שטרודל, האָט אים אָנגעטאָן אויפן האַלז איר שווערע גאָלדענע קייט, דער־נאָך האָט זי זיך איינגעבויגן און אים אַ קוש געטאָן. ער אָבער האָט זיך נאָך טיפער אַריינגעזעצט אין שטול און ניט אַראָפּ־גענומען זיינע הענטלאַך פון היטעלע.

ח.

אין דעם האָט זיך די טיר ברייט געעפנט, און דער קיי־סער איז אַריינגעקומען מיט זיין סוויטע, אַלע אין בלאַנקענ־דיקע מונדירן און אין קאַסקעס מיט פעדערן. דער קייסער אַליין איז געווען אָנגעטאָן אין אַ פּורפּור־מאַנטל, וואָס איז געווען באַדעקט מיט הערמעלין, און עס האָט זיך אים נאָכ־געשלעפּט מיט אַ שלייף איבער דעם דיל. אויפן קאָפּ האָט דער קייסער געטראָגן אַ גרויסע, גאָלדענע קרוין.

דערזען אַנדערסן אויף דער גאָלדענער שטול, האָט דער קייסער אַ שמייכל געטאָן.

— יאָ, דו האָסט זייער אַ שיין היטעלע, — האָט ער גע־זאָגט אַנדערסן.

— יאָ, — האָט אַנדערס געענטפערט, — די מאַמע האָט

עס מיר אויסגעאַרבעט פֿון דער בעסטער וואָל, און יעדערער האָט חשק דאָס אויסנאַרן ביי מיר.

— נו, אָבער מיט מיר וועסטו געווים זיך בייטן, — האָט דער קייסער געזאָגט און אַראָפּגענומען פֿון קאָפּ זיין גרויסע שווערע קרוין. אַנדערס האָט דערויף גאָרניט געענטפֿערט, ער איז אליין געזעסן און צוגעהאַלטן מיטביידע הענטלאַך זיין



היטעלע, וואָס יעדערער האָט חשק געהאַט ביי אים עס אויס־נאַרן. נאָר אַז דער קיניג מיט דער גילדערנער קרוין אין די הענט איז צוגעגאַנגען צו אים נעמטער, איז אויף אַנדערסן אָנגעפאַלן אַזאַ שרעק, וואָס ער האָט נאָך קיינמאָל אַזאַ ניט געפילט. דער קיניג קען דאָך טאָן אַלץ, וואָס ער וויל!

מיט איין שפרונג איז אַנדערס אַראָפּ פון שטול, ער האָט זיך אַ לאָז געטאָן פייל אויסן בויגן דורך דעם זאַל, איבער די טרעפּ, איבערן הויף. ער איז געלאָפן אַזוי שנעל, אַז דער פּרינצעסינס קייטעלע האָט זיך אַראָפּגעגליטשט פון זיין האַלז און אַלע שטיקער שטרודל זיינען אַרויסגעפאַלן פון זיין קע־שענע, נאָר זיין היטעלע איז ביי אים געבליבן גאַנץ. די גאַנצע צייט, וואָס ער איז געלאָפן אַהיים, האָט ער עס צוגעהאַלטן מיט ביידע הענט.

ו.

געקומען אַהיים, איז ער אַרויף גלייך צו דער מאַמען אויף די קני און דערציילט האָט ער איר אַלץ, וואָס מיט אים האָט פּאַסירט, און ווי מען איז צוגעשטאַנען צו אים, ער זאָל אָפּגעבן זיין היטעלע. די ברידער און שוועסטער זיינען גע־שטאַנען אַרום מיט אָפענע מיילער און געהערט, וואָס אַנ־דערס האָט דערציילט.

נאָר אַז דער עלטערער ברודער האָט דערהערט ווי ער האָט ניט געוואָלט אָפּגעבן דאָס היטעלע אפילו דעם קיניג פאַר דער גאָלדענער קרוין, האָט ער געזאָגט, אַז אַנדערס

איז אַ נאַר: וויפֿיל גוטע זאַכן וואָלט מען געקאָנט באַקומען פֿאַר דער קרוין; אַנדערס וואָלט דעמאָלט געקענט האָבן נאָך אַ שענער היטעלע, ווי דאָס ערשטע.

אַנדערס איז רויט געוואָרן, ווי אַ צוויק. דאָס איז אים גאָר אויף דער געדאַנקען ניט אַרויפגעקומען. ער האָט זיך אַריינגעגראָבן מיטן קעפּל אין דער מאַמעס אַקסל און זי אַ פֿרעג געטאָן:

— מאַמע, איך בין אַ נאַר?

די מאַמע האָט אים שטאַרק צוגעדריקט צו זיך.

— ניין, מיין קליין זונעלע, — האָט זי געזאָגט, — ווען אַפֿילו זאָלסט זיין אָנגעטאָן אין גאָלד און זילבער פֿון קאָפּ ביז די פֿיס, וואָלסטו אויך דעמאָלט ניט אויסגעזען אַזוי שיין, ווי איצט אין דיין קליין רויט היטעלע!



# די מעשה מיטן גאָלדענעם אינגעלע



ווישן אַ סך טייכן, ביי אַ טייך, האָבן געוואוינט אַ טאַטע מיט אַ מאַמען און זיי האָבן געהאַט אַן איינציק קינד — אַ קליין אינגל.

איז איינמאָל דאָס אינגעלע צוגעגאַנגען צום ברעג טייך און דערזען ווי אינם וואַסער שפּאַצירט זיך אַרום אַ גאָלדן אינגעלע. האָט דאָס קינד אויפגעפּאַטשט מיט די הענטלאַך און איז אַריינגעשפּרונגען אין טייך נאָך דעם גאָלדענעם אינגעלע.

האָבן אָבער גוטע מענטשן דערזען, ווי דאָס אינגעלע איז אין וואַסער אַריינגעפאַלן, זיינען זיי געקומען צולויפן און האָבן דאָס קינד אַרויסגעראַטעוועט און עס געבראַכט צוריק צו זיין טאַטן און צו זיין מאַמען. איז דאָס אינגעלע עטליכע טעג געלעגן קראַנק אין בעט, אָבער דערנאָך, אַז עס איז צוריק געזונט געוואָרן, האָט דאָס אים גענומען ציען צוריק צום טייך.

— איך וויל צום גאָלדענעם אינגעלע, — האָט עס געהאַלטן אין איין שרייען.

אַז טאַטע-מאַמע האָבן אַ קוק געטאָן, אַז ס׳איז שלעכט, האָבן זיי זיך דערשראָקן; האָבן זיי פאַרלאָזט דאָס אָרט מיט

די טייכן און זיך באַזעצט אין אַ שטאָט אָן טייכן; אָבער אַזוי ווי דאָס קינד איז געוואַקסן, אַזוי איז אינאיינעם מיטן קינד אויך געוואַקסן זיין בענקעניש נאָכ׳ן גאָלדענעם אינגעלע.

אויגן האָט דאָס קינד געהאַט שוואַרצע, ביסטרע, זיינען זיי נאָך שוואַרצער און ביסטרער געוואָרן. און אַז ער איז על־טער געוואָרן האָט ער פאַרלאָזן טאַטע־מאַמע און איז אַוועק אין דער וועלט אַריין זוכן דאָס גאָלדענע אינגעלע.

האָט ער לאַנג געוואַנדערט פון שטאָט צו שטאָט, פון לאַנד צו לאַנד, פון טייך צו טייך, געקוקט און געזוכט מיט זיינע אויגן, געזוכט און געקוקט און האָט אַלץ ניט געקאָנט געפינען דאָס גאָלדענע אינגעלע.

און איינמאָל, גייענדיק אַזוי און זוכנדיק, האָט דער יונ־גערמאַן מיט די ביסטרע, זוכנדיקע אויגן באַגעגנט אַ קלוגן אַלטן. רופט ער זיך צו אים אָן:

— קלוגער אַלטער! — אַמאָל ווען איך בין נאָך געווען אַ קינד, בין איך צוגעגאַנגען צום ברעג טייך, די זון האָט זיך נאָר וואָס געהאַט אויפגעהויבן איבער׳ן וואַסער און איך האָב דערזען ווי אינם וואַסער גייט אַרום אַ גאָלדן אינ־געלע.

איך האָב מיך געלאָזט צו אים. אָבער מענטשן האָבן מיך געכאַפּט אויפ׳ן מיטן און פון וואַסער אַרויסגעשלעפּט און פון דעמאָלט אָן זוך איך און זוך און קאָן ניט געפינען דאָס גאָלדענע אינגעלע. קלוגער אַלטער! קאָנסטו מיר זאָגן, וואו איך קאָן ווידער זען דאָס גאָלדענע אינגעלע?

דער קלוגער אַלטער האָט אויפגעהויבן זיינע לאַנגע גרויע ברעמען, האָט באַטראַכט דעם מאָדנעם מענטשן מיט די ביסטרע אויגן און געזאָגט:

— קינד מיינס! וואָס האָסטו זיך איינגערעדט? דו ביסט דאָך שוין אַ דערוואַקסענער מענטש, ווייסטו דען ניט, אַז דאָס זיינען בלויז אויסגעטראַכטע זאַכן?

ער אָבער האָט אים געענטפערט און געזאָגט:

— קלוגער אַלטער! דו הערסט דאָך, אַז דאָס איז ניט אויסגעטראַכט, דו הערסט דאָך, אַז איך האָב דאָס אַ ל י י ן ג ע ז ע ן. איך שווער דיר!

האָט דער אַלטער פון דאָס ניי אויפגעהויבן זיינע גרויע ברעמען און זיך לאַנג און גוט איינגעקוקט אין דעם יונגנמאַן און געזאָגט:

— וואויל, מיין קינד! איך האָב פאַר דיר אַ גוטע עצה. דו ביזט נאָך יונג און שטאַרק און די וועלט איז ברייט און גרויס. לאָז זיך אַריין אין איר, ווער רייך, זאַמל אָן אַ סך גאָלד און זילבער, דימענטן און טייערע שטיינער, נאָכדעם וועסטו נעמען דעם בעסטן גאָלד-גיסער, וועט ער דיר פון דיינע אוצרות מאַכן אַ גאָלדן אינגעלע.

איז ער אַוועק און האָט געפאָלגט דעם קלוגן אַלטן. ער האָט זיך אַריינגעוואָרפן אין דער ברייטער גרויסער וועלט, זיך גענומען פלייסיק טאָן, האַנדלען, וואַנדלען.

און אַזוי זיינען אַוועק יאָרן און יאָרן נאָך יאָרן, ביז ער

האָט אָנגעזאַמלט גרויסע אוצרות. ביז ער איז גרויס און רייך און שטאַרק געוואָרן.

האָט ער דערנסטמאָל זיך געלאָזט אַראָפּברענגען דעם בעסטן גאָלדשמיד אין דער וועלט און יענער האָט פאַר איט געמאַכט אַ וואונדערלאַך בילד פון טייערע בלויע שטיינער.

לאַנג האָט געדויערט ביז דאָס אינגעלע איז פאַרטיק געוואָרן. און ווען עס איז פאַרטיק געוואָרן האָט מען עס אַריינגעבראַכט אין אַ טייערן זאַל. נאָכדעם האָט מען דעם רייכן מענטשן איבערגעגעבן דעם שליסל און אָנגעזאָגט, אַז דאָס גאָלדענע אינגעלע וואַרט שוין אויף אים אין יענעם זאַל.

ווען ער האָט דעם שליסל אין שליסל־לאָך אַריינגע־שטעקט, האָט אים אין האַרץ געקלאַפּט, ווי מיט שווערע האַ־מערס.

נאָך אַזויפיל יאָרן פון שווערן בענקען, מי און פּיין! טרערן האָבן אים זיינע אויגן פאַרגלאַנצט. די הענט האָבן אים געציטערט און דער שליסל האָט קוים אין שלאָס גע־קענט אַריינטרעפן.

אָט־אָט און ער וועט זען דאָס גאָלדענע אינגעלע!

אָבער, ווי נאָר ער האָט די טיר געעפנט, ווי נאָר ער האָט די שוועל אריבערגעשפרייזט, ווי נאָר זיינע ביסטרע אויגן האָבן אויפן בילד אַ בליק געגעבן, איז ער ווי פאַרשטיי־נערט געוואָרן, זיין האַרץ האָט זיך פאַר שרעק אין זיין ברוסט אָפּגעשטעלט.

איז דאָס דען דאָס גאָלדענע אינגעלע? אָט דאָס, האָט ער אַזוי לאַנג געזוכט? דאָס איז דאָך אַ פּרעמדס, אַ נאָכגעמאַכטע זאַך.

אַ לאַנגע צייט איז ער אַזוי געשטאַנען אַ פאַרשטיינערטער און מיט ווילד צעשראָקענע בליקן געשטאָכן דאָס נאָכגעמאַכטע אינגעלע, וואָס האָט צו אים פון גרויסן בילד געקוקט.

נאָכדעם האָט ער ביטער אַ שמייכל געטאָן און אַזוי שמייכלענדיק איז ער צוגעגאַנגען צום נאָכגעמאַכטן גאָלדענעם אינגעלע, האָט אויפגעהויבן זיין האַנט און אַראָפּגעלאָזט אַזאַ בייזן קלאַפּ דעם דימענטן מענטשעלע, אַז דאָס גאַנצע בילד איז זיך אין שטיקער צעפלויגן.



# בלימעלאַך אין פעלד

פעלדער גרינען, וועלדער רוישן,
גייען מיר מיט פולע קוישן
בלומען אָן אַ שיעור.
גייען מיר אַרומגענומען
און באַקראַנצט מיט יונגע בלומען
אין דעם בונטן ציר.

זינגען, שפרינגען מיר און טאַנצן,
און פון גליק די אויגן גלאַנצן
בלומענדיק און ריין.
ווער באַקראַנצט וויל זיין פון בלומען
זאָל צו אונז, צו אונז זאָל קומען,
קומען זאָל צוגיין.

מירן אָפּגעבן אינגאַנצן
און אין פעלדער ווייטער טאַנצן,
לאָזן ווייט זיך גיין.
לאָזן גיין זיך גיך, געשווינטער,
ווייל מיר זיינען אַלע קינדער —
בלימעלאַך אַליין.



# אַ פלוידער-מעשה.



עשה׳לאַך אַ גאַנצן פּאַק,
מיר דערציילט דער פלוידער-זאַק.
איינע װעל איך אײַך דערציילן
און קיין אות פון איר פאַרפעלן:

איינמאָל איז געװען אַ רב מיט אַ ציג, מיט אַ בער. פלעגט די ציג שפּרינגען אין גאָרטן אַרײַן. איז דער רב בייז געװאָרן און געכאַפּט דאָס אויבערשטע פון שטויסל און געװאָרפן דער ציג גלײַך אין פּוס אַרײַן. האָט אָנגעהויבן צו רינען דעם בער בלוט פון דער נאָז.

האָט דעם רב געטאָן זייער באַנג —
נעבאַך! ס׳איז דער בער דאָך קראַנק!

נעמט דער רב דאָס פּעקל פונם פלעקל און לאָזט זיך גיין אין װײַטע לענדער זוכן אַ רופא. גייט ער, גייט, ביז ער קומט צו אַ טײַך. זײַנען שוין אַלע שיפן געװען אַװעקגעגאַנגען. נאָר איין שיטערע זיפּ איז געבליבן.

אַז סע איז נישטאָ צו עסן,
מאַכט מען מיטן ליפּל,
אַז סע איז נישטאָ קיין שיפל,
פאָרט מען מיט אַ זיפּל.

זעצט ער זיך אַרײַן אין זיפּ און װערט דערטרונקען און פאָרט װײַטער.

פאָרט ער, פאָרט, װאַלד-אַײַן װאַלד-אויס, ביז ער קומט צופאָרן אין אַ געדיכטן װאַלד.

פינסטער איז אין וואַלד, אוי וויי מיר!
און סע רעשן דאָרט דריי ביימער.

אויף איינעם זיצט אַ שלייען און קנאַקט ניסלאַך. אויפֿן אַנדערן — אַ וועווערקל און דרייט זיך די וואָנצעס. אויפֿן דריטן — אַ גילדענע פּאַווע און לאַכט!

איז דער רבי אויף איר שטאַרק בייז געוואָרן און איר אַריינגעוואָרפֿן אַ פּאַטש אין דער רעכטער באַק.

האָט זיך די פּאַווע שטאַרק פֿאַרשעמט און געשענקט דעם רבי'ן אַ ווינשפֿינגערל.

אַז די רביצן טוט עס אָן אויפֿן פֿינגער און זאָגט:
פֿינגערל, פֿינגערל, כ'דאַרף אויף שבת —
זינגען שלייען, טאַנצן זשאַבעס!



# דאָס ציגיינערל



ין אַ שטאָט, אין אַ גרויסער, אונטער אַ קלייט, אין אַ קעלער־ווינקל, האָט אַ ציגיינערין מיט איר קליין אינגעלע געוואוינט.

אַן אָרימע איז די ציגיינערין געווען, און דאָס אינגעלע — אַ שוואַרצינקס.

אין קלייט פענסטער פון אויבן זיינען טייערע שפּילעכלאַך אויסגעשטעלט געווען. הענגט זיך דאָס ציגיינערל אַ אין די קלייט־פענסטער און נעמט פון די שפּילעכלאַך קיין אויג ניט אַראָפּ.

פייפעלאַך זעט ער דאָרט און שעפעלאַך מיט פאַרדרייטע הערנערלאַך.

איינמאָל, ווינטער אויפדערנאַכט, אַ גרויסער פראָסט איז אין דרויסן געווען, האָט זיך ציגיינערל פון קעלער־ווינקל אַרויסגערוקט און אין גרויסן פענסטער מיט שפּילעכלאַך זיך פאַר׳גנב׳עט.

אַ פראָסט איז געווען אַ שטאַרקער, אַ נאַכט אַ לאַנגע. איז ציגיינערל צווישן די שפּילעכלאַך פאַרפרוירן געוואָרן און ווי געשטאַנען — שטיין געבליבן.

גייט מאָרגן אַ מיידעלע, די מאַמע פירט זי ביי דער האַנט און זיי שטעלן זיך אָפּ לעבן פענסטער די שפּילעכלאַך באַקוקן.

— אָט דאָס שוואַרצמענטשעלע קויף מיר, מאַמע, — בעט זיך דאָס מיידעלע.

— ס'איז אַ ציגיינערל, — זאָגט די מאַמע.

— נו, איז אַ ציגיינערל. קויף מיר אַ ציגיינערל!

גייט די מאַמע אריין, קויפט דאָס ציגיינערל און זיי גייען מיט אים אַהיים.

אין שטוב איז ווארים, איז דאָס ציגיינערל אַפגעגאַנגען, רירט ער מיט אַ הענטעלע, מיט אַ פיסעלע, לאַכט דאָס מיידעלע, לאַכט און גלעט אים די שוואַרצע קרייזלאַך.

אַזוי ווי אַן אמת מענטשעלע, זאָגט זי, איז ער. זי וועט אים געבן עסן. זי גיט אים קוכן — עסט ער, מילך — טרינקט ער. לאַכט דאָס מיידעלע, לאַכט שטאַרק און ליבט דאָס ציגיינערל — בעסער ווי אַלע שפּילכלאַך אירע.

זי האָט אים באַנייט און באַקליידט, מיט אים געגעסן און געשלאָפן, אַ ביכעלע אויסגעזוכט און מיט אים „א" און „בא" געלערנט.

וואַקסט דאָס מיידעלע, וואַקסט דאָס ציגיינערל. און וויל ער מער אין שטוב ניט זיצן, צום פעלד און וואַלד ציט אים, גייט ער אַהין אַוועק.

דאָס מיידעלע האָט געבענקט און זיך איבערגעבענקט.

דאָס מיידעלע וואַקסט און ווערט וואָס אַ טאָג שענער. און פאַרגלוסט זיך איר איינמאָל ווייט ווייט גיין — זען, וואָס דאָרט טוט זיך. גייט זי.

גייט טעג און גייט וואָכן, אַן וועג און אַן שטעג, פעלד-אויס און פעלד-איין, און אין אַ געדיכטן וואַלד אריין און צו אַ קורין צוגעקומען. אין קורין האָט זי קיינעם ניט געטראָפן, האָט זי זיך פון אויסווייניק אַפּרוען געזעצט.

ניט ווייט איז אַ טייכל געלאָפן, האָט זי זיך מיט אַ קאַלטן טרינק־וואַסער דערפרישט. אַביימעלע יאַגדעס דערזען, האָט זי איבערגעביסן. און ווי עס האָט נאָר אָנגעהויבן נאַכט צו ווערן ,אַזוי איז צום קורין אַ פּאַסטוך אָנגעקומען מיט דער טשערעדע זיינער.

דערזעט דער פּאַסטוך אַזאַ שיינע לעבן קורין זיצן, האָט ער פייל־און־בויגן פון צווישן די אַקסל אַראָפּגענומען, צו די פיס איר געלייגט און זי צו זיך אין קורין אַריין געבעטן.

דאָרט האָט ער זי מיט קעז און פּוטער מכבד געווען, מיט מילך האָבן זיי פּאַרטרונקען, איר אַ גוטן געלעגער אויסגע־בעט און שלאָפן באַלייגט.

פון דענסטמאָל אָן איז זי אין קורין געבליבן, דעם קורין געפּוצט און געהאָלפן די בהמות און די ציגן מעלקן.

זאָגט איינמאָל דער פּאַסטוך צום מיידל: ער האָט נאָך אַזאַ שיינע אין זיין לעבן ניט באַגעגנט ; צי וויל זי זיין כלה זיין. שוואַרצע לאָקן האָט ער און אַ טשערעדע אַ רייכע, קאָן אויף פערד רייטן און אויף אַ פייפל די שענסטע לידער שפּילן.

זי וויל הערן ווי ער שפּילט, זאָגט זי.

האָט ער דאָס פייפעלע צום מויל גענומען, האָבן די שעפעלאַך די אויערן אויפגעשטעלט. פייגעלאַך — די פליגע־לאַך אַראָפּגעלאָזן און טייכעלע איז אַנטשוויגן געוואָרן.

— ניין, — זאָגט דאָס מיידעלע, — אַנדערש זאָל ער שפּילן.

האָט ער אַנדערש געשפּילט. זיינען ביי ציגעלאַך די הערנערלאַך אונטערגעשפּרונגען, פייגעלאַך פון צווייגעלע צו

צווייגעלע געטאַנצט, און טייכעלע זיך פריילאך מיט אַ ניגון געלאָזן.

איז דעם מיידעלע געפעלן געוואָרן און זי זאָגט:

— נאָך אַ רעטעניש וועט זי אים פרעגן. וועט ער דעם רעטעניש טרעפן, וועט זי זיין כלה זיין.

און דעם רעטעניש האָט זי אזוי אויסגעזונגען:

צווישן שפּילעכלאַך דער שענסטער,
צווישן מענטשעלאַך דער קלענסטער.
וויל ער אין שטאָט ניט זיין,
גייט ער אין וואַלד אַריין...

צו מזל איז אַ חתונה געווען.
די גאַנצע שטאָט איז געלאָפן זען.
האָט מען פון שיסעלע קעזעלאַך מיט פּוטער געגעסן,
און מ׳קאָן נאָך ביז היינט דעם טעם ניט פאַרגעסן.



## אַ מעשה מיט אַ ריז

1.

גיי איך, אינגעלע, דורך גאַסן, גאַסן רוישן,
די אויגן מיינע — שוואַרץ; דאָס פּנים — בלייך.
טוען מיך אַ כאַפּ צוויי הענט, צוויי גראָבע, גרויסע, —
אַ כאַפּ מיך און אַ טראָג מיך און אַ הייב מיך אינדערהייך.

2.

איך דראַפּל זיך און צאַפּל זיך אין פיבער,
איך דראַפּל זיך און צאַפּל זיך און וויין;
כ'וויל ניט, כ'וויל ניט, אוי ציגיינער ליבער,
כ'וויל ניט, כ'וויל ניט, — לאָז מיך אָפּ אַהיים!...

3.

אויף די שוועלן פון די קראָמען שטייען קרעמער.
ס'גייט אין מיטן שליאַך אַ דיקע קו.
איך דראַפּל זיך און צאַפּל זיך, אוי, וויי מיר!
ס'אַרט זיי גאָרניט, וואָס ער נעמט מיך צו?

4.

אַלע גאַסן גייט ער מיט מיר איבער,
אויף די אַקסל טוט ער מיך אַ וואָרף.
אַזאַ הויכער, אַזאַ ריז און אַזאַ גיבור, —
קוילען וועט ער מיך אין ערשטן דאָרף.

5.

דורך די גאַסן, דורך די פּלעצער — לעבן שטיבער,
דורך די גאַסן, דורך די פּלעצער — אויפן שליאַך,

טראָגט אַוועק מיך הרג'ענען דער גיבור,
טראָגט אַוועק מיך הרג'ענען — און לאַכט.

6.

... אויפֿן מאַרק, וואו איד מיט קרומען אייגל
בולקעלאַך און פּשעניטשקעס פֿאַרקויפֿט,
קויפֿט ער מיר אַ גרויסע, גראָבע בייגל;
גיט ער מיר אַ קוש און הייסט מיך — „לויף!"

7.

לויף איך פֿייל פֿון בויגן, לויף איך פֿריילאַך,
און אַהיים די גרויסע בייגל ברענג.
— אוי, ס'האָט מיך געכאַפּט אַ ריז, — דערצייל איך, —
האָט דער ריז אַ בייגל מיר געשענקט.



# א מעשה מיט צוויי ברידער



עוואוינט האָבן אַמאָל צוויי ברידער לעבן אַ טייך. איינער איז געווען אָרים, דער צווייטער איז געווען רייך. האָט דער רייכער געהאַט פון אלדאָס גוטס און ער האָט געגעסן פון די בעסטע פליישן און האָט פאַרטרונקען מיט די בעסטע ווײַנען. און דער אָרימער האָט גאָרנישט געהאַט, א חוץ די פיש, וואָס ער פלעגט כאַפּן אין טייך. האָט ער מיט זיין ווייב און קינדער געגעסן די פיש פון טייך און פאַרטרונקען מיט דעם וואַסער פון טייך. האָט דער אָרימער געכאַפּט פיש אַזוי לאַנג, ביז די פיש האָבן זיך אויסגענומען. האָט דער אָרימער ברודער ניט געהאַט וואָס צו עסן, ניט ער און ניט זיין הויז-געזינד.

טראַכט דער אָרימער ברודער: וואָס זאָל ער טאָן? און ער גייט אַריבער צו זיין רייכן ברודער און זאָגט צו אים אַזוי: „ליבער ברודער, מיין בלוט און פלייש! דו ווייסט וואויל, אַז איך בין צו דיר קיינמאָל ניט געגאַנגען בעטן, ווייל אין טייך איז גענוג פיש געווען. איצטער אבער האָבן זיך די פיש אויסגענומען און איך האָב ניט דערווייל וואָס צו עסן, ניט איך און ניט מיין ווייב און ניט מיינע קינדער. בעט איך דיך, ליבער ברודער האָב רחמנות אויף מיר און אויף מיין הויז-געזינד און גיב אונז כאָטש די ברעקלאַך וואָס פאַלן אַרונטער פון דיין רייכן טיש.“

אָבער דער רייכער ברודער איז געווען אַ שלעכטער. לאַכט ער זיך פֿאַנאַנדער מיט אַ גרויס געלעכטער און ער זאָגט אַזוי:

„די ברעקלאַך וואָס פֿאַלן אַרונטער פֿון מיין רייכן טיש ווילסטו? ניין די ברעקלאַך דאַרף איך האָבן פֿאַר מיינע הינט. מיינע הינט זיינען בילכער פֿאַר דיר מיט דיין ווייב, מיט דיינע קינדער אינאיינעם. גיי זיך ווייטער און לאָז מיך צו רו."

איז דער אָרימער ברודער אַוועק פֿון דעם רייכן ברודער מיט אַ צעבראָכן האַרץ. קומט ער אַהיים און דערציילט זיין ווייב די גאַנצע געשיכטע. זאָגט צו אים דאָס ווייב:

„אַ דאגה, מיין מאַן! מיר וועלן אויסקומען אָן דער לאַסקע פֿון דיין ברודער. טייכן זיינען דאָ גענוג אויף דער וועלט. לאָמיר גיין און אויפֿזוכן אַן אַנדערן טייך און ווייטער כאַפּן פֿיש. מיר וועלן ווייטער אַזוי לעבן, ווי מיר האָבן געלעבט פֿריער."

האָט דער אָרימער ברודער געפֿאָלגט זיין ווייבס עצה און זיי האָבן גענומען די קינדער מיט זייער ביסל אָרימקייט און זיינען אַוועק זוכן אַן אַנדערן טייך. זיינען זיי אַזוי געגאַנגען דריי טעג און דריי נעכט, ביז זיי זיינען אָנגעקומען צו אַ טייך, האָט דער אָרימער ברודער פֿאַרוואָרפֿן זיין נעץ, און ווען ער האָט זי אַרויסגעצויגן, איז די נעץ פֿול געווען מיט פֿיש, גרויסע און קליינע. איז דער אָרימער ברודער געבליבן דאָרטן וואוינען מיט זיין הויז-געזינד, און ער האָט ווייטער געכאַפּט פֿיש, און וויפֿיל זיי האָבן געקענט האָבן

זיי אַליין אויפגעגעסן און די איבעריקע פיש האָט ער אויפן מאַרק פאַרקויפט און געהאַט אויף אַנדערע זאַכן.

איינמאָל האָט ער געכאַפּט אַ גרויסן העכט. ברענגט ער דעם העכט אַהיים און גיט דאָס דעם ווייב זי זאָל אים אָפּקאָכן לכבוד שבת. שניידט זיי פאַנאַנדער דעם העכט, ערשט, זי געפינט אין דעם העכט א דימענט. און דער דימענט איז געווען אזא גרויסער, אזש עס איז ליכטיק געוואָרן אין דעם פינסטערן הייזל פון דעם אָרימען פישער.

האָט דער אָרימער פישער אַוועקגעטראָגן דעם גרויסן דימענט אין דער גרויסער שטאָט אריין צו א גרויסן דימענט-סוחר. האָט דאָס דער סוחר ביי אים אָפּגעקויפט פאַר א גרויסער סומע געלט און אַזוי איז דער אָרימער פישער רייך געוואָרן, און ער האָט שוין מער קיין פישער ניט געדאַרפט זיין.

דערוויל האָט מיט זיין רייכן ברודער געטראָפן א גרויס אומגליק. א פייער האָט פאַרברענט גאָר זיין גוטס, און ער איז אָרוים הויל און נאַקעט אַזוי ווי די מאַמע האָט אים געהאַט. דאָ האָט זיך דער אַמאָליקער רייכער ברודער דער-מאָנט אָן זיין אַמאָליקן אָרימען ברודער, דעם פישער, און ער האָט דערהערט אַז ער איז זייער רייך געוואָרן. וויל ער צו אים אַריבערגיין, און ער שעמט זיך, ווייל ער געדענקט, ווי דער אָרימער ברודער איז צו אים אַמאָל געקומען בעטן די ברעקלאַך פון זיין רייכן טיש און ער האָט אים דעמאָלט אַרויסגעטריבן פון הויז.

זאָגט צו אים זיין ווייב: „פאָלג מיך, מיין מאַן, און גיי

אַריבער צו דיין רייך־געוואָרענעם ברודער. ער וועט אפשר ניט זיין צו דיר אזוי שלעכט, ווי דו ביסט צו אים געווען.״
האָט זיך דער אָרים געוואָרענער ברודער אָפּגעשעמט און ער האָט אויף זיך אַרויפגעוואָרפן אַ פּאָר שמאַטעס צו פאַר־דעקן זיין נאַקעטקייט און ער איז אַוועק זוכן זיין רייך־געוואָרענעם ברודער.

איז ער געגאַנגען דריי טעג און דריי נעכט ביז ער איז צוגעקומען צו זיין אַמאָליקן אָרימען ברודער. און ווי דער ברודער האָט אים דערזען אין די שמאַטעס האָט ער זיך ביטער צעוויינט און געזאָגט: „וויי מיר, ליבער ברודער, ווי צו מיינע אויגן, וואָס זיי זעען דיך אַזוי! זאָג מיר, וואָס האָט מיט דיר געטראָפן?״

האָט דער אָרים־געוואָרענער ברודער אים אַלץ דער־ציילט, ווי אַ פייער האָט פאַרברענט גאָר זיין גוטס און אים איז גאָרנישט איבערגעבליבן פון זיין אַמאָליקער רייכקייט.

רופט זיך אָן דער רייך־געוואָרענער ברודער: „דאַג׳ע ניט, ליבער ברודער! איך וועל דיר העלפן אין דיין אומגליק, וואָרים איך האָב געגוג. איך וועל דיר געבן אַ פערד און וואָגן און פאָר אַריבער און ברענג אַהער דיין גאַנץ הויז־געזינד און מיר וועלן אַלע זיין אינאיינעם.״

איז דער אָרים־געוואָרענער ברודער אַוועקגעפאָרן נאָך זיין הויז־געזינד און ער האָט זיי אַלעמען אויסגעקליידט און אויסגעצייט און באַזאָרגט זיי מיט אַלדאָס גוטס.

# דער בייל

.1



יט אַ סך יאָרן צוריק האָט אין אַ יאַפּאַניש דערפל געוואוינט אַן אָרימער האָלץ-העקער. געהייסן האָט ער קיקי.

האָט דער האָלץ-העקער געהאַט אַ גרויסן בייל אויף דער רעכטער באַק.

ער האָט זיך מיט׳ן בייל ניט געשעמט, אַזוי ווי ער האָט זיך ניט געשעמט מיט די מאַזאָליעס אויף די הענט און מיט דער שאַרפער האַק, וואָס איז אים שטענדיק געווען אַריינגעשטעקט הינטן אין אַ גראָבן שטריק, מיט וועלכן ער פלעגט זיך אַרומגאַרטלען.

נאָר ניט אַלע דאָרף-מענטשן האָבן פאַרשטאַנען, אַז דער בייל אויפן באַק איז קיין חרפה ניט. געווען אַזוינע, וואָס פלעגן זוכן אַ האָלץ-העקער אַן אַ בייל און דאָס האָט קיקין פאַרדראָסן.

.2

אַמאָל, אין אַ שיינעם פרימאָרגן, איז קיקי אַוועק אין די בערג האַקן האָלץ. מיטאַמאָל איז געוואָרן אַ גרויסער שטורעמווינט. דער ווינט האָט געריסן די בלעטער פון די ביימער, געבראָכן די צווייגן, געהויבן קלומבעס זאַמד און געטראָגן אונטערן הימל גאַנצע מחנות שאַרע וואָלקנס.

קיקי האָט מער ניט געקענט האַקן קיין האָלץ. ניט לאַנג

קלערנדיק, האָט ער זיך באַהאַלטן אין אַ לאָך פון אַ גרויסן בוים.

דער ווינט דרייט און קערט וועלטן, און קיקי שטייט אין פוסטן בוים און וואַרט ביז דער שטורעם וועט אויפהערן.

געוואַרט און געוואַרט, ביז ס'איז שפּעט געוואָרן. די זון איז פאַרגאַנגען, אַ פינסטערניש האָט זיך פאַרשפּרייט אַרום און אַרום.

קיקי האָט שוין ניט געקענט אַהיימגיין. ער איז דעריי־בער געבליבן אין זיין באַהעלטעניש און געוואַרט ביזן פריי־מאָרגן.

ביז שפּעט אין דער נאַכט איז ער געזעסן איינגעבויגן אין לאָך פון בוים. געזעסן און געוואַרט ביז וואַנען ער איז איינגעשלאָפן.

.3

אין מיטן נאַכט דערהערט קיקי אַ קלאַפּ. אַ דערשראָקע־נער כאַפּט ער זיך אויף און קוקט אַרויס פון בוים־לאָך.

איז ער צעטרשט געוואָרן אַ אויפגעציטערטער:

ער האָט דערזען, ווי אַרום אים האָבן זיך צונויפגעקליבן פאַרשידענע באַשעפענישן מיט מאָדנע פּנימער. אַ גרויס פייער האָט געפלאַקערט.

און די באַשעפענישן האָבן פּלוצים אָנגעהויבן טאַנצן, שפרינגען און זיך לוסטיק מאַכן. נאָכדעם האָבן זיי אַ סעודה געמאַכט.

ביי קיקין איז די שרעק פאַרשוואונדן געוואָרן. ער האָט

זייער ליב געהאַט מוזיק און הונגעריק איז ער געווען און אויף טאַנצן איז ער געווען אַ מייסטער. אויף דאָרפישע חתונות איז ער געווען דער בעסטער און ליבסטער טענצער.

האָט ער זיך ארויסגערוקט פון בוים-לאָך, האָט זיך דער-נענטערט צו די טענצערס און אָנגעהויבן מיט זיי מיטצו-טאַנצן.



.4

צווישן די טענצערס איז אַנטשטאַנען אַ געדודער. פון וואַנען קומט אַהער אַזאַ אויסטערליש באַשעפעניש? נאָר דערזעענדיק ווי זיינע פיס דרייען זיך אין טאַקט און די גאַנצע פיגור שוועבט האַרמאָניש און גראַציעז איבער דער ערד נאָכן קלאַנג פון דער מוזיק, האָבן אַלע פּלוצים אויפגע־הערט טאַנצן און זיינען געבליבן שטיין אין גרויס פאַרוואונ־דערונג ארום דעם פרעמדן טענצער.

נאָכן טאַנצן האָט מען קיקין מכבד געווען מיט די בעס־טע מאכלים און געטראַנקען. איז ער נאָך פריילאַכער גע־וואָרן, האָט ער ווידער אָנגעהויבן טאַנצן, נאָך מיט מער ברען און קונציקייט ווי פריער.

אַזוי איז אַריבער די גאַנצע נאַכט אין עסן און טרינקען און טאַנצן.

.5

אַז ס׳איז טאָג געוואָרן, האָבן די ברואים געזאָגט:

— אונזער צייט איז שוין געקומען. מיר דאַרפן זיך מיט דיר געזעגענען.

— דיין טאַנצן איז וואונדער־שיין! — האָט איינער גע־זאָגט, — דו האָסט אונז זייער גוט פריילאַך געמאַכט. קום די אַנדערע נאַכט ווידער, וועלן מיר עסן און טרינקען און טאַנצן צוזאַמען.

— גוט, — האָט קיקי געזאָגט אַ צעוואַרימטער, — איך וועל קומען.

און איינער פון די באַשעפענישן האָט דערזען ביי קיקין אויפן באַק דעם בייל. זאָגט ער:

— זעט נאָר, ס'אַ שיינע זאַך אונזער טענצער האָט אויפן באַק! איך וועל עס ביי אים צונעמען פאַר אַ משכון, ביז וואַנען ער וועט קומען צוריק.

— גוט! — האָבן אַלע אויסגעשריען, — נעם ביי אים דעם משכון, לאָמיר זיכער זיין, אַז ער וועט די אַנדערע נאַכט ווידער צו אונז קומען.

האָט איינער פון זיי אויסגעשטרעקט די האַנט צו קיקיס פּנים און אַרויסגעצויגן דעם בייל.

קיקי האָט דערשפּירט, אַז אים איז גרינגער געוואָרן, ווי אַ שווערע משא איז אים פון פּנים אַראָפּ.

דערווייל איז שוין גרויסער טאָג געוואָרן, האָט ער זיך צעזעגנט מיט די נאַכטיקע חברים.

.6

ווי אַ פאַרשלאָפענער איז קיקי פּלוצים ווידער געשטאַנען לעבן פּוסטן בוים. ער קוקט זיך אַרום: די טאַנצנדיקע באַשעפענישן זיינען פאַרשוואונדן געוואָרן. ביים ראַנד פון הימל ציען זיך שוין די פּורפּור־פּאַסן פון פרימאָרגן. פון ווייטנס הערט זיך אַ ביל פון הונט.

ער טוט אַ טאַפּ דאָס פּנים: דער בייל איז ניטאָ. פול מיט פרייד און אַנטציקונג לאָזט זיך קיקי אַהיים.

ווען זיין ווייב האָט אים דערזען האָט זיך זייער געפרייט. זי האָט אַ גאַנצע נאַכט געוויינט, וואָס ער איז ניט

געקומען. זי האָט אַלץ מורא געהאַט, טאָמער האָט אים אינם גרויסן שטורעם אַן אומגליק געטראָפן.

קיקי האָט איר דערציילט אַלץ, וואָס מיט אים האָט פּאַסירט.

— עס איז אַ גרויס גליק, וואָס דו האָסט דעם בייל ניט! — האָט דאָס ווייב געזאָגט און אים אַ קוש געגעבן.

— יאָ, אַ גרויס גליק איז עס! — האָט ער איבערגע־חזר'ט און איר דעם קוש אָפּגעגעבן.

און די שמחה פון מאַן און ווייב איז געווען גאָר אומ־באַשרייבלאַך.

.7

לעבן קיקין האָט געוואוינט אַן אַלטיטשקער, וואָס האָט אויך געהאַט אַ בייל אויפן פּנים.

ווען ער האָט אינדערפרי דערזען, אַז ביי קיקין איז דער בייל פאַרשוואונדן געוואָרן, האָט ער אים מקנא געווען און אָנגעהויבן אויספאָרשן, ווי אַזוי ער איז פון בייל פּטור גע־וואָרן.

— וועלכער דאָקטאָר האָט אים ביי דיר אַראָפּגענו־מען? — האָט ער געפרעגט.

האָט אים קיקי דערציילט, אַז קיין דאָקטאָר האָט אים ניט געהיילט, נאָר ס'איז אַ נס געשען.

דער אַלטיטשקער איז זייער נייגעריק געוואָרן און האָט געבעטן קיקין דערציילן אים, ווי אַזוי איז עס אים געשען

אזא נס, וואָס האָט ביי אים דעם בייל פון פּנים אַראָפּגע־
נומען.

קיקי האָט אים אַלץ דערציילט.

איז דער אלטיטשקער פאַרוואונדערט געוואָרן און האָט
ביי זיך געטראַכט:

— איצט ווייס איך שוין, וואָס איך האָב צו טאָן.

## .8

ווען די זון האָט זיך אָנגעהויבן אַראָפּלאָזן, איז דער
אַלטיטשקער אַוועק צום פעלד, וואו קיקי איז נעכטן געווען,
האָט געטראָפן דעם זעלביקן אויסגעהוילטן בוים און איז
אַריין אין לאָך וואַרטן.

זיצט ער מיט אויסגעשפּיצטע אויגן און זעט ווי די זון
זעצט זיך, ווי ס'פאַרציען זיך ביים ראַנד הימל רויטע פּאַסן,
פאַרנעמען זיך אַלץ ברייטער און ברייטער, ביז זיי גיסן זיך
צונויף מיט דער בלויקייט פון אויבן און ס'ווערט אין דער
לופטן אַלץ טונקעלער און טונקעלער.

געקומען די נאַכט. דער אַלטיטשקער זעט שוין פאַר זיך
גאָרניט. בלויז אַ טיפע שוואַרצקייט.

פּלוצלונג איז העל געוואָרן. מאָדנע באַשעפענישן האָבן
זיך אָנגעהויבן קלייבן פון דער געדיכטער פינסטערניש. זייער
מחנה ווערט גרעסער. אַ טומל, אַ זשוזשעריי.

דער אַלטיטשקער קוקט און גלייבט ניט זיינע אויגן.

— אָט דאָס איז עס, וואָס קיקי האָט דערציילט! באַלד
בין איך אויך אין דער מחנה! נאָר מוטיק, ניט געשראָקן!

9.

איז דער אַלטיטשקער אַרויס פון בוים און צוגערוקט זיך צו דער מחנה ברואים.

קיינער האָט אים ניט באַמערקט.

אַ ווײַלע איז ער געשטאַנען און האָט זיך צוגעקוקט צום מאָדנעם טאַנץ. און פּלוצלונג איז ער אַריין אינמיטן און האָט אָנגעהויבן טאַנצן.

אָבער ניט קיין טאַנץ איז עס געווען נאָר אַן אומגע־לומפּערט דרייעניש. דעם אַלטיטשקנס פּיס האָבן זיך גע־הויבן ווי אַ פּאָר קלעצער, זיין גוף האָט זיך געקייקלט ווי אַ פּוסט פאַס, די הענט האָבן זיך געבאַמבלט ווי אָפּגעפּרווירע־נע; אַלע ווײַלע געשטרויכלט און קוים געהאַלטן זיך אויף די פּיס.

די טאַנצדיקע ברואים האָבן זיך אַרומגעקוקט.

— וואָס איז דאָס פאַר אַ ווילדע בריאה, וואָס דרייט זיך דאָ צווישן אונז? — האָט עמיץ געפרעגט.

— דאָס איז דאָך דער נעכטיקער טענצער וואָס האָט אונז אַזוי פריילאַך געמאַכט.

— אָבער ווי אומגעלומפּערט דרייט ער זיך היינט. ס'איז דאָך מיאוס צו קוקן!

— ער האָט שוין מסתּם פאַרגעסן זיינע שיינע טענץ פון נעכטן!

— ער האָט גאָר קיינמאָל ניט געקענט טאַנצן!

— וואַרפט אים אַרויס! זאָל ער גיין פון דאַנען! מיר דאַרפן אים ניט האָבן!

— וואַרט, וואַרט! לאָמיר אים פריער אָפּגעבן זיין משכון! — האָט איינער אַ געשריי געטאָן.

און גלייך אַ וואָרף געטאָן אים אין פּנים קיקים בייל.

דער בייל איז אַריין דעם אַלטיטשקן אין דער לינקער באַק.

פון גרויס שרעק איז ער אומגעפאַלן אין חלשות.

.10

ווען דער אַלטיטשקער האָט זיך אויפגעכאַפּט, איז שוין געווען גרויסער טאָג.

אַרום און אַרום איז קיינער ניט געווען.

ער האָט דערפילט עפּעס אַ ווייטיק אין דער לינקער באַק. אַ טאַפּ מיטן האַנט — עס שטעקט אַ גרויסער בייל.

און מיט חרפּה און פאַרדרום איז ער אַוועק אַהיים.

ער האָט דערציילט זיין ווייב, וואָס מיט אים איז געשען — אוןביידע האָבן זיך פאַנאַנדערגעוויינט.



# אַ אינגעלע

איך האָב אַ קליינטשיק אינגעלע,
מיט ראָזע ווייכע בעקעלאַך;
די הערעלאַך צעפּלאָסענע
זיי הענגען, ווי די לעקעלאַך.

צעוויינט זיך ווען דאָס אינגעלע,
און טרערט מיט זיינע אייגעלאַך,
דערצייל איך אים אַ מעשהלע
פון בלויע, ווייסע פייגעלאַך.

אַנטשוויגן ווערט דאָס אינגעלע,
ער ווישט זיך אוים די אייגעלאַך,
און וואַרט, אַז קומען זאָלן באַלד
די בלויע, ווייסע פייגעלאַך.



# קלוגע ענטפערס



ער קאַליף פון באַגדאַד האָט אַמאָל געלאָזט וויסן די איינוואוינער פון זיין שטאָט, אַז קיינער טאָר ניט אַרויס פון שטוב נאָך צוועלף אַזייגער ביינאַכט. ווער ס'וועט ניט פאָלגן דעם קאַליפס שטרענגען באַפעל, וועט גלייך אויפן אָרט געטויט ווערן.

באוואָפנטע סאָלדאַטן זיינען גלייך אַרויסגעשיקט געוואָרן אין אַלע ווינקעלאַך פון שטאָט.

איין נאַכט האָט אַ קאָמפּאַניע סאָלדאַטן געטראָפן דריי מענטשן שפּאַצירנדיק איבער די ליידיקע, שטילע גאַסן שוין לאַנג נאָך דער באַשטימטער שעה.

„שטייט!" — האָט דער עלטסטער פון דער קאָמפּאַניע אויסגעשריען, פאָכנדיק מיט זיין בלאַנקער שווערד. די דריי מענטשן האָבן זיך אָפּגעשטעלט.

— „ווער ביסטו, אומגליקלאַכער? — האָט דער עלטסטער הויך אויף אַ קול געזאָגט צום ערשטן פון די דריי. — ווי אַזוי האָסטו געהאַט די העזה ניט צו פאָלגן אונזער קאַליף? זאָלסט וויסן זיין, אַז דיין משפּט איז גלייך אויפן אָרט צו שטאַרבן!"

דער ערשטער פון די דריי האָט אים קאַלטבלוטיק געענטפערט:

— „דו ווילסט וויסן, ווער איך בין? הער זיך נאָר איין!

איך בין דער, פאַר וועמען קעניגן און קאַליפן בייגן איין די קעפּ. איך בין דער, פאַר וועמען זיי זיצן שטיל און ערנסט, האַלטן איין זייערע אָטעמס און רירן ניט מיט קיין אבר. זייער לעבן געפינט זיך אָפּט אין מיינע הענט און איך קאָן מיט זיי דעמאָלט טאָן וואָס איך וויל."

— „דאָס מוז זיין עפּעס זייער אַ געהויבענער מאַן." — האָט דער עלטסטער געקלערט. — „ווען איך וועל אים אָנ־רירן, קען איך נאָך אַמאָל באַצאָלן מיט מיין קאָפּ דערפאַר. איך וועל אים בעסער נעמען און אַוועקפירן אין פּאַלאַץ צום קאַליף."

— און ווער ביסטו?" — האָט שוין מיט דרך־ארץ דער עלטסטער געפרעגט דעם צווייטן.

— איך בין דער, צו וועמען קאַליפן און פּרינצן מוזן אַלע מאָל און אין אַלע צייטן אָנקומען, איך ווייס, וועלכער קעניג איז העכער און וועלכער איז נידעריקער, ווער פון זיי איז גרעסער און ווער איז קלענער. ווען ניט איך, וואָלטן זיי שטענדיק געבליבן פאַרשפּאַרט אין זייערע פּאַלאַצן און וואָלטן קיינמאָל די ליכטיקע וועלט ניט אָנגעזען.

— „אַ! דאָס מוז עפּעס אויך זיין אַ גרויסער מאַן." — האָט זיך דער עלטסטער געטרייסלט. — „איך וועל אים אויך גאָרנישט טאָן."

— „און ווער זייט איר, מיין האַר?" — האָט ער שוין מיט גרוים דרך־ארץ געפרעגט דעם לעצטן.

— „איך זיץ נידעריקער פון קאַליפן און פּרינצן, אָבער

איך פֿאַל ביי זיך ניט אַראָפּ, און מיין אַמט איז גאָר ניט אַזוי קליין, איך טו זיי אָפּט גאַנץ גרויסע טובות און פֿאַרהיט זיי פֿון וואונדן. ניט איין פֿרינץ וואָלט געהונקען, וואָלט זיך מיט בלוט באַגאָסן, ווען ניט מיין גרויסע און נוצלאַכע אַרבעט.“

— „דאָס מוז זיין אַ גרויסער גענעראַל“ — האָט דער עלטסטער באַשטימט אויף זיכער און האָט זיי אַלעמען מיט גרויס כבוד אַוועקגעפֿירט אין פּאַלאַץ.

דאָרטן האָט זיך אַרויסגעוויזן, אַז איינער איז געווען אַ שערער, דער צווייטער אַ שניידער און דער דריטער אַ שוס-טער. פֿאַר זייערע קלוגע ענטפֿערס האָט זיי דער קאַליף באַ-פריים און געגעבן שיינע מתנות.



# די וואונדער רייזע אויפן ים

מיר בויען פון ברעטעלאַך שיפן
מיט זעגלען — פון ווייסן פּאַפּיר,
און קומט אָן דער ווינט פון די ריפן,
דאַן זעגלען מיר אָפּ אין די טיפן,
מיר זעגלען צו צוויי און צו פיר.

מיר האָבן אַ הונט, אַ געטרייען,
מיר נעמען אים מיט אויפן ים;
מיר נעמען אויך — טרובעס, כלי־זין;
מיר טרובען, ווען נעפלען ווי בלייען,
פאַרשטעלן די ווייטן פון ים.

מיר פאָרן אַזוי אין די ים׳ען,
מיר פאָרן ביי טאָג און ביינאַכט;
עס נייגט זיך די זון און אין פלאַמען
פאַרזינקט טיף דער טאָג אין די ים׳ען —
עס קומט אַזוי שטיל אָן די נאַכט.

אַמאָל קומט אַ שטורעם צו רייטן,
פאַרשטעלט אונז דעם וועג אין דער פריי,
רייסט די זעגלען און וואַרפט אין די זייטן,

פארשווינדט דאַן צוריק אין די ווייטן —
מיר ציען אויף זעגלען אויפסניי.

אין די טיפן פון ים איז פאַראַנען
פיל היילן פון רויטן קאָראַל,
און מושלען פיל — גרויסע ווי פאַנען
זיי ליגן אויף צענדליקער לאַנען,
ווי לאָמפּען אין זאַל צו אַ באל.

פאַר מיידעלאך רויטע קאַרעלן,
פאַר אינגעלאַך — מושלען פיל זעק;
די מיידעלאך, זיי וועט געפעלן
שנירעלאך רויטע קאַרעלן,
און ס׳וועלן די אינגעלאַך שטעלן
פּאַלאַצן פון מושלעןביים ברעג.

מיר פאָרן צוריק פון די טיפן,
די שיפן — מיט לאָד ביזן דעק...
אין וועג — צווישן פעלזן און ריפן,
באַפאַלן אונז רויבער די שיפן
און רויבן אונז אַלעס אוועק.

מיר ווערן געפאַנגען גענומען,
מע בינדט אונז אין קייטן און שטריק;
עס יויכצן די רויבער און ברומען
מיטן רויב, וואָס זיי האָבן גענומען,

און זעען ניט ווי ס׳איז געקומען
אונזער הונט און באַפרייט אונז צוריק.

עס יויכצן די רויבער און ברומען —
און קערט זיך דער טאָג נאָר אַוועק, —
מיר האָבן צו טרובען גענומען,
ווי ס׳וואָלטן חילות געקומען —
די רויבער אַנטלויפן פון שרעק.

מיר לאָדן אַרויף אויף די שיפן
די קאַרעלן און מושלען צוריק,
און לאָזן זיך איבער די טיפן
אַהיים מיט באַלאָדענע שיפן,
אַהיים, ווי די זיגער פון זיג.

די מיידעלאך רויטע קאַרעלן,
די אינגעלאַך — מושלען פיל זעק;
די מיידעלאַך, זיי וועט געפעלן
שנירעלאַך רויטע קאַרעלן,
און ס׳וועלן די אינגעלאך שטעלן
פּאַלאַצן פון מושלען ביים ברעג.

# זיבן זיבעלאַך ליגן...

זיבן זיבעלאָך ליגן
אין זיבן געפלאָכטענע וויגן.
זיבן שעה זיינען זיי אַלע אַלט
און מאַכן אַ געוואַלדיק געוואַלד:
מיר ווילן ניט ליגן,
מיר ווילן ניט ליגן.

— טאַ וואָס ווילט איר זיבעלאָך זיבן?

און די זיבן זיבעלאָך שרייען:
— מיר ווילן אַ בייגעלע קייען.

— אוי, זיבן זיבעלאַך קליינע,
איר זייט דאָך מאָדנע אַזוינע, —
ווי קאָן אַזאַ זאַך געשען,
אַז איר האָט דאָך נאָך גאָרניט קיין ציין.

הייבן די זיבן זיבעלאַך אויף
אַזאַ לאַנג און גרוים געוויין
ביז צו דער סטעליע אַרויף:
— מיר ווילן זיבן זילבערנע ציין.
מיר ווילן זיבן זילבערנע ציין.

און די קליינע זיבעלאַך זיבן,
האָבן זיבן טעג געשריגן.
ביז ס׳איז זיי מער קיין געשריי ניט געבליבן.
זיינען זיי קליגער געוואָרן,
און זיינען אַנטשלאָפן געוואָרן.

שלאָפן די זיבעלאַך זיבן
אין די זיבן געפלאָכטענע וויגן.

שאַט, קינדער, גייט איצט אַרויס
און לאָזט ניט אָפן די טיר פון הויז,
עס קאָנען נאָך אַריינפליען פליגן
און אויפוועקן די זיבעלאַך זיבן.
ש־ש — ש־ש.



## אַמאָל איז געווען אַ יתומ׳ל



יז אַמאָל געווען אַ אינגעלע האָט ער געהייסן יאַנקעלע. איז זיין טאַטע-מאַמע געשטאָרבן. איז ער אַ יתומ׳ל געבליבן.

ליולינקע מיין פייגעלע ,ליולינקע, מיין קינד.

גייט ס׳יתומ׳ל אום אין שטוב, וויינט און וויינט און קלאָגט: מאַמע, מאַמע, וואו ביסטו? טאַטע, טאַטע, איך האָב מורא.

ליולינקע, מיין פייגעלע, ליולינקע, מיין קינד.

וויינט ער אַזוי און וויינט. ענטפערט אים קיינער ניט אָפּ. זעצט ער זיך אויף דער ערד אַנידער, זיצט אַזוי פאַרטראַכט.

ליולינקע, מיין פייגעלע.

קומט צוגיין אַ קעצעלע. פרעגט ס׳קעצעלע: וואָס טראַכסטו? זאָג מיר, וואָס ביסטו אַזוי טרויעריק? זאָג מיר, אוי, איך בעט דיך.

ליולינקע, מיין פייגעלע.

זאָגט יאַנקעלע צום קעצעלע: טייער, ליב קעצעלע, טאַטע-מאַמע ניטאָ און איך וויל שלאָפן.

ליולינקע, מיין פייגעלע.

זאָגט צו אים קעצעלע: שאַ, שאַ, טייער יאַנקעלע. שפּאַר אָן דיין קעפּעלע אויף מיר, וועסטו קענען שלאָפן.

ליולינקע, מיין פייגעלע.

קומט צוגיין אַ קיעלע, זעצט זיך לעבן יאַנקעלען אַני־
דער, זויגט יאַנקעלע איר מילך, זויגט און זויגט און זויגט.

ליולינקע, מיין פייגעלע.

איז שוין זאַט יאַנקעלע, איז שוין זאַט ס׳יתומ׳ל, וויל
ער זיך שוין שפּילן, האָט ער ניט מיט וועמען.

ליולינקע, מיין פייגעלע.

קומט צוגיין אַ פערדעלע, זעצט זיך יאַנקעלע רייטנדיק,
לויפט אַרום ס׳פערדעלע, לויפט אַרום און שפּילט זיך.

ליולינקע, מיין פייגעלע.

אָפּגעשפּילט זיך יאַנקעלע, אָפּגעשפּילט זיך ס׳יתומ׳ל.
וויל ער טאַטע־מאַמע זען, אָבער טאַטע־מאַמע ניטאָ.

ליולינקע, מיין פייגעלע.

וויינט אַזוי ס׳יתומ׳ל, וויינט אַזוי יאַנקעלע. קומט צו־
גיין זיין חבר׳ל, ווייס ער ניט וואָס צו טאָן. קומט צופליען
אַ פייגעלע מיט רויטע פעדערלאַך, ווייס עס אויך ניט, וואָס
צו טאָן.

ליולינקע, מיין פייגעלע.

וויינט אַזוי יאַנקעלע, וויינט אַזוי ס׳יתומ׳ל. קומט
צופליען אַ מלאכ׳ל, נעמט אים אַוועק צו טאַטע־מאַמע.

ליולינקע, מיין פייגעלע.

איז שוין יאַנקעלע ניט קיין יתומ׳ל, ער האָט טאַטע־
מאַמע דערזען. פרייט זיך יאַנקעלע און לאַכט. פרייט זיך
און קוועלט אָן.

ליולינקע, מיין פייגעלע.

איז שוין ס׳מעשה׳לע געענדיקט, דאַרף מען שוין שלאָפן.
שלאָף־זשע, טייער קינד, שלאָף־זשע, נחת׳ל דער מאַמעס.
ליולינקע, מיין פייגעלע, ליולינקע, מיין קינד.